יודל מארק

# דוד הראובֿני
## און
# שלמה מולכו

בוך איינס :

## דער יידישער אַמבאַסאַדאָר



אַרויסגעגעבן פון
פאַרלאַג קינדער־רינג
ביי דעם
בילדונגס־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג
ניו־יאָרק.

קינדער-רינג-ביבליאָטעק

סעריע: היסטאָרישע געשטאַלטן

# דוד הראובני
## און
# שלמה מולכו

פון יודל מאַרק

בוך איינס:
דער ייִדישער אַמבאַסאַדאָר






Printed in the U. S. A.

## עס איז געווען אַ שווערע צייט

עס איז געווען אַ שווערע צײַט אין דעם לעבן פֿון ייִדישן פֿאָלק. מען האָט אַרויסגעטריבן ייִדן פֿון שפּאַניע, ווו זיי האָבן אַ לאַנגע צײַט רויִק געלעבט און האָבן אַ סך אויפֿגעטאָן. מען האָט אַרויסגעטריבן ייִדן פֿון פּאָרטוגאַל. די אַרויסגעטריבענע האָבן ניט געקענט געפֿינען אַ נײַע היים. מען האָט געוואַנדערט איבער ימען און איבער לענדער, מען האָט זייער שטאַרק געליטן און אַ גרויסער טייל איז אומגעקומען. דער גירוש פֿון שפּאַניע איז געווען אַזאַ גרויסער קלאַפּ אַז דאָס ייִדישע פֿאָלק האָט ניט געקענט אַזוי גיך קומען צו זיך. ייִדן זײַנען געווען אומרויִק, האָבן אָבער ניט פֿאַרלאָרן די האָפֿענונג. ווי אין אַלע שווערע צײַטן האָט זיך פֿאַרשטאַרקט דער גלויבן אַז אָט־אָט קומט משיח!...

עס איז געווען אַן אומרויִקע צײַט אין דער וועלט. אַ סך פֿרומע קאַטויליקן האָבן פֿאַרלאָרן דעם גלויבן אין דעם פּויפּסט; מען האָט גענומען שאַפֿן אַנדערע גלויבנס. האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף פֿון די וואָס האָבן פּראָטעסטירט קעגן דער קאַטוילישער קירך און די אָנהענגערס פֿון דער אַלטער קירך. די אײַנוווינערס פֿון שטעט זײַנען געווען אומצופֿרידן, די פּויערים זײַנען געווען אומצופֿרידן. מוטיקע ים־פֿאָרערס האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אויף ווײַטע נסיעות און האָבן אויפֿגעדעקט נײַע וועלטן. דאָס פֿריִערדיקע לעבן און די אַמאָליקע אידייען האָבן זיך אומעטום געוואַקלט. די וועלט האָט געהאַלטן אין בײַטן זיך...

וואָס וועט ברענגען דער מאָרגן? וועט נעמען אַ סוף צו יידישע צרות? וועלן יידן קענען פֿרייַ און אומגעשטערט לעבן ווי זיי ווילן, דינען גאָט ווי זיי ווילן? — דאָס האָבן יידן זיך געפֿרעגט. און עס האָט זיך געגלייבט אַז דער ענטפֿער וועט זייַן אַ גוטער: עס איז דאָך אַזוי שלעכט פֿאַר יידן, עס איז דאָך אַזוי אומרויִק אין דער גאַנצער וועלט... מע וואַרט אויף גרויסע געשעענישן!

און עס זייַנען אויפֿגעקומען מענטשן וואָס האָבן גע־בענקט נאָך גרויסע געשעענישן און האָבן געוואָלט מיט־העלפֿן, אַז די גרויסע געשעענישן זאָלן גיכער קומען. וועגן צוויי אַזעלכע מענטשן דערציילט זיך אין דעם בוך.

## דער פאַרשטעלטער מאַכמעדאַנער

די קליינע שיף איז געפאָרן מיטן טײַך ניל, ביז די טערקן וואָס היטן די גרענעץ פון לאַנד עגיפּטן האָבן זי אָפּגעשטעלט.

די מענטשן האָבן גענומען אַרויס פון שיף און די זאַכן האָט מען אַרויסגעטראָגן אויפן ברעג. יעדער איינער וואָס האָט געוואָלט אַרײַנקומען אין לאַנד האָט געדאַרפט באַצאָלן דעם טערקישן סולטאַן, דעם הערשער איבערן לאַנד עגיפּטן, אַ גרויסן שטײַער. עס איז געווען אַ געזעץ אַז מע דאַרף געבן אַ צענטל פון אַלע סחורות וואָס מע פירט אַרײַן, און טאָמער האָט מען מיט זיך קנעכט, דאַרף מען פאַר אַ קנעכט געבן גאָלד אין ווערט פון צוואַנציק פלאָרין.

האָבן די טערקישע גרענעץ-היטערס געעפנט אַלע קאַסטנס און קופערטן און אָפּגעשאַצט דעם ווערט פון אַלע סחורות וואָס די מענטשן פירן און אויפגעמאָנט דאָס געלט וואָס מע דאַרף צאָלן דעם סולטאַן. די סוחרים האָבן געזיפצט און געצאָלט דאָס געלט וואָס די היטערס מאָנען בײַ זיי. ביז עס איז גע־קומען צו דעם לעצטן וואָס איז געשטאַנען צוזאַמען מיט צוויי קנעכט בײַ זײַנע שווערע קופערטן.

ער איז נאָך געווען יונג, און ער איז געווען אָנגעטאָן ווי די הייליקע לײַט בײַ די מאַכמעדאַנער. ער איז געווען ניט קיין הויכער, נאָר ער האָט געהאַט זייער ברייטע פלייצעס. עס האָט אויסגעזען אַז ער האָט אַ סך כּוח, כאָטש ער איז געווען זייער מאָגער און זײַן פּנים איז געווען ביינערדיק און אויס־געדאַרט. די שוואַרצע ברענענדיקע אויגן האָבן געקוקט אַרום זיך

קופערטן — trunks, coffers.

מיט אַן אויסדרוק פֿון אַ רויִקן באַפֿעל. דאָס איז געווען אַ גאָר אויסטערלישער מענטש. ניט ווילנדיק מוז מען אים נאָכקוקן. ניט קלערנדיק מוז מען זיך פֿרעגן: ווער איז ער?

און דערצו האָט נאָך דער אויסטערלישער מענטש געהאַלטן אין האַנט אַ לאַנגע קייט צו וועלכער עס זײַנען געווען צוגע־בונדן צוויי יונגע לייבעלעך, וואָס זײַנען אַרומגעלאָפֿן אַרום אים.

ווען די טערקישע גרענעץ־היטערס זײַנען צוגעקומען צו אים און זיך אָפּגעשטעלט מיט גרויס דרך־ארץ, ווארטנדיק ער זאָל עפֿענען די קופֿערטן, האָט דער מענטש מיט די לייבעלעך זיי געזאָגט:

— „איך דאַרף ניט צאָלן קיין שטײַער דעם סולטאַן, ווײַל איך בין אַן אייניקל פֿון דעם הייליקן נבֿיא"*).

— „זאָל דער האַר אויף אונדז ניט בייז זײַן", — האָט געענטפֿערט דער עלטסטער פֿון די גרענעץ־היטערס — „מיר האָבן אַ באַפֿעל צו נעמען שטײַער פֿון אַלעמען וואָס קומען אַרײַן אין לאַנד; און דער האַר האָט מיט זיך אַ סך קופֿערטן און קנעכט פֿאַר וועמען מע דאַרף צאָלן בײַם אַרײַנקומען אַהער. טאָ זאָל דער האַר עפֿענען די קופֿערטן".

— „איך בין שוין דורכגעפֿאָרן אַ סך לענדער און גרע־נעצן. אָבער אומעטום ווו עס זײַנען דאָ דינערס פֿון גאָט און פֿון מאַכמעד זײַן נבֿיא איז מען געווען גוט און פֿרײַנדלעך צו מיר. און דער סולטאַן וועט אויף אײַך בייז זײַן, וואָס איר מאָנט בײַ מיר שטײַער", — האָט רויִק געענטפֿערט דער פֿרעמ־דער און זיך אָפּגעקערט פֿון דעם עלטסטן וואָס האָט גערעדט צו אים.

יענער האָט ניט געוווּסט וואָס צו טאָן. אָבער דער פֿרעמדער האָט אים אַרויסגעהאָלפֿן:

— „נעמט די ביידע לייבעלעך וואָס מען האָט מיר זיי גע־בראַכט פֿון מײַן לאַנד מיט אַ חודש צוריק און שיקט זיי אָפּ

אויסטערלישער — uncommon, extraordinary.

*) פֿון מחמד (מאַכמעד) דעם גרינדער פֿון מאַכמעדאַניזם גלויבן.



...„איך דאַרף ניט צאָלן קיין שטײַער דעם סולטאַן"

ווי אַ מתּנה פֿון מיר דעם סולטאַן. דער סולטאַן וועט זיך זייער פֿרייען מיט דער מתּנה און אויך אײַך וועט ער באַלוינען!"

די גרענעץ־היטערס האָבן זיך טיף געבוקט פֿאַר דעם אויסטערלישן מענטשן און מיט גרויס כּבֿוד האָבן זיי אים דורכגעלאָזט.

די סוחרים וואָס האָבן שוין געהאַט באַצאָלט דעם שטײַער האָבן זיך צוגעהערט צו דעם שמועס און איינער פֿון זיי איז נאָך דעם צוגעגאַנגען צום פֿרעמדן:

— „זון פֿון נבֿיא! אויב איר פֿאָרט קיין קאַיראָ, בעט איך אײַך, קומט מיט מיר! מײַן הויז איז ניט גענוג שיין פֿאַר אַזאַ גרויסן מענטשן, אָבער איר וועט דאָרטן געפֿינען אַן אָפּרו, ביז איר וועט זיך אויסזוכן אַן אָרט וואָס וועט אײַך געפֿעלן!"

און ווען מען איז געקומען קיין קאַיראָ, האָט דער פֿרעמדער געגעכטיקט בײַם אַראַבישן סוחר. ווען ער איז אויפֿגעשטאַנען אין דער פֿרי איז שוין געווען גרייט אַ טיש מיט עסן. אָבער דער גאַסט האָט געזאָגט:

— „איך וועל עסן נאָר אַן איי מיט אַ שטיקל ברויט. מער וויל איך ניט".

און דער גאַסט האָט עס געזאָגט גאָר פּשוט, אָבער מיט אַ טאָן פֿון אַ באַפֿעל, אַז מען האָט ניט געקענט זיך שפּאַרן מיט אים. ווען דאָס איינפֿאַכע עסן איז געווען געענדיקט, האָט דער פֿרעמדער זיך געווענדט צום סוחר:

— „איך דאַרף פֿאַרקויפֿן אַ פּאָר שטיקער גאָלד. קומט מיט מיר און ווײַזט מיר ווו עס וווינען דאָ ייִדן, ווײַל ייִדן זײַנען געניט אין אָפּקויפֿן גאָלד מער ווי די אַנדערע מענטשן פֿון לאַנד".

איז דער סוחר געקומען מיט זײַן גאַסט אין דער גאַס ווו עס זײַנען געווען ייִדישע גאָלדשמידן. האָט דער פֿרעמדער זיך געווענדט צו אַ ייִדן אין העברעיִש און געפֿרעגט:

— „ווער איז דאָ דער גרעסטער צווישן אײַך?"

האָט דער ייִדישער גאָלדשמיד אים געפֿירט ביז צו דער

שפּאַרן זיך — to dispute, to contradict.

טיר פֿון הויז וווּ עס האָט געוווינט דער פֿירער פֿון די ייִדן אין עגיפּטן און געזאָגט:

— „אָט דאָ וווינט ר' אַבֿרהם דע־קאַסטראָ. ער איז דער רײַכסטער צווישן אונדז. ער איז דער געלט־שמעלצער פֿון דעם סולטאַן. ער וועט אָפּקויפֿן אײַער גאָלד. ער איז אַ גרויסער געלערנטער און אַ גוטער מענטש און וואָס איר דאַרפֿט וועט ער טאָן פֿאַר אײַך".

אַלע זײַנען געבליבן פֿאַר דער טיר, נאָר דער פֿרעמדער איז אַרײַנגעגאַנגען אינעווייניק. אין אָנהייב האָט דער פֿרעמ־דער גערעדט אַראַביש און געזאָגט וועגן דעם גאָלד וואָס ער וויל פֿאַרקויפֿן פֿאַר אַן ערלעכן פּרײַז. אָבער נאָך דעם האָט ער פּלוצעם זיך געווענדט אויף העברעיִש:

— „איך בין אַ ייִד און איך וויל ווינען בײַ אײַך דרײַ אָדער פֿיר טעג. איך וויל אויך אַז איר זאָלט פֿאַר מיר דערגיין דעם זיכערסטן וועג צו קומען קיין ירושלים".

— „אויב איר זײַט אַ ייִד", — האָט ר' אַבֿרהם געענטפֿערט — „פֿאַר וואָס גייט איר אָנגעטאָן אין אַ הויכן טורבאַן? פֿאַר וואָס האָט איר זיך פֿאַרשטעלט פֿאַר אַ מאַכמעדאַנער?"

— „איך בין דורכגעפֿאָרן דורך אַ סך מאַכמעדאַנישע לענ־דער, וווּ עס איז אַ סכּנה פֿאַר אַ ייִדן צו שטעלן אַ פֿוס. כּדי צו קומען אַהער און צו קענען פֿאָרן ווײַטער, האָב איך געמוזט זיך פֿאַרשטעלן פֿאַר אַ מאַכמעדאַנער!"

— „אָבער ווער זײַט איר? פֿון וואַנעט קומט איר און וואָס איז אײַער ציל?"

— „דאָס קען איך אײַך ניט אויסזאָגן!" — האָט דער פֿרעמדער רויִק געענטפֿערט — „איך פֿאָר וועגן אַ מצווה, וועגן אַ ייִדישער זאַך, ניט פֿאַר זיך, איך בין אַ שליח און איר דאַרפֿט מיר העלפֿן!"

געלט־שמעלצער — דער וואָס מאַכט מעטאַלענע געלט, שמעלצנדיק גאָלד אָדער אַנדערע מעטאַלן. דער סולטאַן האָט איבערגעגעבן ר' אַבֿרהמען דאָס רעכט צו מאַכן געלט פֿאַר אים.
שליח — (לייען: שאַליאַך) געשיקטער, messenger

— „עס קלינגען מאָדנע אַנדערע רייד. נאָר שלעכטע ייִדן פֿאַרשטעלן זיך פֿאַר ניט־ייִדן. ווען מע וויל העלפֿן ייִדן קען מען עס טאָן נאָר אויף אַן אָפֿענעם און ערלעכן אופֿן. און אָפֿע־נע און ערלעכע לײַט דאַרפֿן זיך ניט פֿאַרשטעלן!"

— „אַזאַ ענטפֿער באַליידיקט. און אויב איך וואָלט געקו־מען צו אײַך וועגן זיך, וואָלט איך גלײַך פֿאַרלאָזן אַזאַ ניט גאַסט־פֿרײַנדלעך הויז. נאָר איך קום ווי אַ שליח פֿון ייִדן, און איך קום צו דעם פֿירער פֿון ייִדן אין עגיפּטן. וועל איך פֿון אַל דעם וואָס האָט זיך געטראָפֿן מיט מיר אײַך דערציילן עפּעס, צו ווײַזן אַז איך האָב יאָ געדאַרפֿט זיך אָנטאָן ווי אַ מאַכמע־דאַנער:

פֿון דעם פּאָרט דזשידאַ, וואָס געפֿינט זיך אויף דעם אַראַ־בישן ברעג פֿון ים־סוף, בין איך געפֿאָרן מיט אַ שיף צו דעם לאַנד כּוש (עטיאָפּיע). נאָכן וואַנדערן צוויי חדשים צײַט בין איך געקומען אין דעם הויפּטאָרט פֿון דעם קיניגטום. עס קיניגט איבער דעם לאַנד אַ שוואַרצער קיניג. איך בין געווען בײַם קיניג צען חדשים צײַט. דער דאָזיקער קיניג האָט יעדן חודש געוואַנדערט אין אַן אַנדער אָרט און איך האָב געוואַנדערט מיטן קיניג, און דער קיניג האָט מיר אָפּגעגעבן גרויס כּבֿוד.

די גאַנצע צײַט האָב איך געפּײַניקט מײַן גוף און געפֿירט אַ ריין לעבן. און דער קיניג האָט געבעטן אַז איך זאָל אים בענטשן. און ווען דער קיניג האָט איין מאָל מיר געשיקט אַ מתּנה, פֿיר יונגע שקלאַפֿינס און פֿיר שטאַרקע קנעכט, האָב איך די מתּנה אָפּגעגעבן דער קיניגין. און דער קיניג איז געווען אין צאָרן פֿאַר וואָס איך האָב זיין מתּנה ניט אָנגענומען. אָבער איך האָב געזאָגט: „פֿון דעם קיניג האָב איך די מתּנה יאָ אָנגענומען און זי נאָך דעם אָפּגעגעבן דער קיניגין מיט ליב־שאַפֿט און מיטן גוטן ווילן". און איך בין נאָך גרעסער געוואָרן אין דעם קיניגס אויגן, און ער האָט מיר אָפּגעגעבן מער כּבֿוד ווי אַלע אַנדערע אייניקלעך פֿון דעם נבֿיא.

ים־סוף — (לייען: יאַמסוף) דער רויטער ים, דער ים צווישן אַזיע און אַפֿריקע.

אָבער עס איז געקומען פֿון מעקאַ אַן אַראַבער וואָס האָט פֿאַרקויפֿט דעם קיניג אַ בוך פֿון מעקאַ און געקראָגן פֿאַר דעם גאָלד און קנעכט און קעמלען. ער האָט מיך געבעטן, איך זאָל זאָגן אַז דאָס בוך איז אַ הייליק בוך און וועט דעם קיניג ברענגען גליק. איך האָב ניט געוואָלט זיך קריגן מיט אים, האָב איך אַזוי געטאָן. אָבער נאָך דעם איז ער געקומען צום קיניג און געמסרט אויף מיר און געזאָגט: „דער דאָזיקער מאַן וואָס דו גלייבסט אין אים איז ניט פֿון דעם נבֿיאס זין, נאָר ער איז אַ ייִד פֿון מדבר חבֿור!" דער קיניג האָט אים ניט געגלייבט און איבער דעם האָב איך זיך געקענט ראַטעווען. אָבער ווי וואָלט איך געקענט דאָרטן זיין, אויב איך וואָלט זיך ניט געהאַט פֿאַרשטעלט ווי אַ מאַכמעדאַנער?!"

— „איך ווייס ניט צו וואָס זיינען די רייד!" — האָט ר' אַבֿרהם געענטפֿערט — „איך ווייס דאָך ניט צוליב וואָס איר האָט געדאַרפֿט דאָרטן זיין, צוליב וואָס איר האָט פֿאַרלאָזן אַראַביע און ווי אַזוי איר ווילט העלפֿן ייִדן. ווי זשע קען איך אייַך העלפֿן?"

— „פֿון אייַך וויל איך איצט קיין זאַך ניט, נאָר אַן אָרט צו ווינען און אַן עצה, וואָס איז דער זיכערסטער וועג קיין ירושלים!"

— „עס קען ניט ווינען ביי מיר אַ מאַכמעדאַנער! איך בין דעם סולטאַנס אַ געטרייַער קנעכט און איך קען האָבן צו טאָן נאָר מיט מענטשן וואָס טראַכטן ניט קיין שלעכטס אויף מייַן האַר. און איך ווייס ניט אייַערע געדאַנקען. געלט, זע איך, פֿעלט אייַך ניט. און עצות אָדער אַן אָרט צו ווינען קען איך ניט געבן".

אַ שטאָלצער און אַ באַליידיקטער האָט זיך דער פֿרעמדער אויפֿגעהויבן:

— „איר וועט אין גיכן הערן מער, און אייַך וועט פֿאַרדריסן

מסרן — (לייען: מאַסערן) .to inform against, to betray
חבור — (לייען: כאָווער) אַ מדבר אין מיטן אַראַביע. אין דעם מדבר האָבן געלעבט ייִדישע שבֿטים, וואָס מאַכמעד האָט געפֿירט מלחמות מיט זיי.

וואָס איר האָט ניט געהאָלפֿן דעם מענטשן, וואָס וועט העלפֿן דעם פֿאָלק ישׂראל״...

דער אַראַבישער סוחר, וואָס האָט געוואַרט אויף זײַן גאַסט, האָט דעם פֿרעמדן געזאָגט:

— „איצט וועל איך אײַך פֿירן צו זייער אַ רײַכן אַראַבער וואָס טוט מצוות, און ער האָט אַ שיין הויז ווי עס פּאַסט פֿאַר אַזאַ חשובֿן מענטשן ווי איר זײַט!״

## דער שליח פֿון די יידן אין מדבר חבור

און דאָס איז געשען אַ האַלב יאָר שפּעטער:

אין אַ ווינטערטאָג פֿון יאָר 1524 איז אין דער רײַכער האַפֿנשטאָט ווענעציע אָנגעקומען אַ שיף פֿון אַלעקסאַנ־דריע. צווישן די וואָס זײַנען געקומען איז געווען אַ האַר מיט צוויי דינערס. און דער האַר מיט זײַנע דינערס האָט זיך באַזעצט אין הויז פֿון דעם קריסטלעכן קאַפּיטאַן פֿון דער שיף. דער האַר איז ניט אַרוים הינטערן שוועל פֿון הויז, אָבער זײַנעביידע דינערס האָבן גאַנצע טעג זיך אַרומגעדרייט איבער די ייִדישע גאַסן פֿון ווענעציע.

דער עלטערער דינער וואָס האָט געהייסן ניסים האָט גע־קענט ריידן נאָר העברעיִש און אַראַביש; דער ייִנגערער דינער, יוסף האָט ער געהייסן, האָט גערעדט איטאַליעניש, און זיי ביידע האָבן געהאַלטן אין איין דערציילן וווּנדערלעכע זאַכן וועגן זייער האַר. נײַגעריקע ווענעציאַנער ייִדן זײַנען שטענדיק גע־שטאַנען אַרום זיי און זיי האָבן דערציילט און דערציילט.

זייער האַר, גיבן זיי איבער, האַלט אין איין פֿאַסטן. אַט פֿאַסט ער איצט די גאַנצע וואָך. נאָר אין אָוונט עסט ער אויף אַן איי, אַ שטיקל ברויט, פֿאַרטרינקט מיט אַ ביסל וואַסער, און ער פֿאַסט נאָך דעם ווידער אַ מעת־לעת. שוין ניט איין מאָל

מעת־לעת (לייען: מעסלעס) טאָג און נאַכט אין איינעם, 24 שעה.

האָט ער געפּאַסט אַזוי. שטענדיק ווען ער נעמט זיך אונטער צו טאָן אַ וויכטיקע זאַך, פֿאַסט ער פֿריִער זעקס טעג, ביז שבת!

און איצט גרייט זיך דער האַר צו עפּעס זייער אַ וויכטיקער שליחות. זיי ווייסן ניט אין וואָס די שליחות באַשטייט. זיי ווייסן אָבער אַז דער האַר קומט פֿון אַלעקסאַנדריע, און קײַן אַלעקסאַנדריע איז ער געקומען פֿון ארץ־ישׂראל. און אַ גאַנץ יאָר האָט ער פֿריִער געוואַנדערט פֿון זיין היימלאַנד ביז ער איז געקומען אין ארץ־ישׂראל. דער עלטערער דינער וואַנדערט מיט אים פֿון דער האַפּנשטאָט דזשידאַ אָן. אָ, ער האָט זיך אָנגעזען גענוג וווּנדער! ער איז אַ ייִד פֿון תּימן און זיין העברעיִש איז אַזוי מאָדנע, גאָר ניט גלײַך צום העברעיִש וואָס עס קאָנען ריידן די געלערנטע ייִדן אין ווענעציע. אָבער דער צווייטער דינער יוסף זעצט איבער די רייד פֿון זיין חבֿר, און עס ציט זיך אַ קייט אויסטערלישע פּאַסירונגען:

דער האַר און ער האָבן געוואַנדערט איבער פֿאַרשיידענע ערטער אין אַפֿריקע, פֿאַרשטעלט ווי מאַכמעדאַנער. זיי האָבן געלעבט בײַ אַ שטאַרקן קיניג אין עטיאָפּיע. זיי זײַנען אַוועק פֿון דאָרטן און ווידער געוואַנדערט ביז זיי זײַנען געקומען קײַן עגיפּטן. זיי האָבן נאָך דעם געלעבט אין קאַיִראָ בײַ אַן אַראַבישן סוחר וואָס האָט זיי באַגנבֿעט.

זיי זײַנען נאָך דעם געקומען אין ארץ־ישׂראל, און דאָרטן ערשט האָבן זיך אָנגעהויבן די אמתע וווּנדער!

אָ, אין חבֿרון איז דער האַר געווען אַליין אַרונטערגעגאַנגען אין הייל וווּ עס זײַנען פֿאַראַן די קבֿרים פֿון אבֿרהם, יצחק, יעקבֿ. עס היטן די הייל מאַכמעדאַנישע מאַנאַכן. אַ ייִדן לאָזט מען אַפֿילו נאָענט ניט צו! אָבער אויך מאַכמעדאַנער קענען ניט אַרײַן אַהין. מאַכמעדס יורש, וואָס

שליחות — (לייען: שליכעס) message, mission.
תימן — (לייען: טיימאָן) אַ לאַנד אין אַראַביע.
חברון — (לייען: כעווראָן) די שטאָט פֿון אַברהם אָבינו. לעבן חברון איז פֿאַראַן די מערת המכפלה (לייען: מעאָראַס האַמאַכפּײלע) די הייל מיט קברים
פֿון די פּאָטערס און די מוטערס פֿון פֿאָלק ישׂראל.
יורש — heir.

האָט צוגענומען ארץ־ישׂראל פֿון די קריסטן, האָט אַהין אַראָפּגעשיקט פֿיר מענטשן. אָבער ווען זיי זײַנען אַרויפֿגעקומען, זײַנען דרײַ פֿון זיי גלײַך געפֿאַלן טויט און דער פֿערטער איז געוואָרן שטום און ניט געקענט דער־ציילן וואָס ער האָט געזען. לאָזט מען איצט מער קיינעם ניט אַראָפּ אַהין. אָבער דעם האָר האָבן די וועכטערס יאָ אַראָפּ־געלאָזט!

זיי האָבן אים געקושט די הענט און גערופֿן אים „אייניקל פֿון נבֿיא". דער האָר האָט אָבער ניט דערציילט וואָס ער האָט געזען אין הייל, ער האָט נאָר געזאָגט אַז דאָרטן איז אַ גרויסע ליכטיקייט פֿאַראַן און אַ גוטער ריח.

נאָך דעם איז פּלוצעם געקומען וואַסער אין אַ טרוקענער גרוב לעבן דעם געבעטהויז וואָס בײַ דער הייל, און דאָס וואַסער איז געווען זייער קלאָר, ווי קוואַלוואַסער, און די וועכטערס און אַלע איבעריקע אײַנוווינערס פֿון אַרום האָבן זיך זייער געוווּנ־דערט און געפֿאַלן קושן דעם זוים פֿון דעם האָרס קליידער.

נאָך גרעסערע וווּנדער זײַנען געשען אין ירושלים! דאָרטן איז דער האָר געווען אין הייליקסטן מאַכמעדאַנישן מעטשעט וואָס שטייט אויף דעם אָרט ווו עס איז געווען דער בית־המקדש. אָ, ער איז געווען דאָרטן אין די סאַמע פֿאַרבאָרגענע ערטער! און עס איז דאָרטן פֿאַראַן אַ געמעל פֿון אַ האַלבער לבֿנה, וואָס אירע שפּיצן זײַנען געווענדט צו מערבֿ. אָבער עס איז געשען אַ נס, און די שפּיצן פֿון דער האַלבער לבֿנה האָבן זיך געווענדט צו מזרח! און די מאַכמעדאַנער האָבן זיך אַלע זייער שטאַרק דערשראָקן און זיי האָבן אויסגעשריִען, אַז דאָס איז אַ שלעכטער סימן פֿאַר אַלע מאַכמעדאַנער. האָבן די מאָלערס ווידער פֿאַר־ריכט דאָס געמעל, אָבער אויפֿן אַנדערן טאָג האָבן זיי נאָך אַ מאָל

ריח — (לייען: רייאַך) .smell, odor, scent
מעטשעט — mosque, אַ מאַכמעדאַנישע קירך.
געמעל — פֿון וואָרט מאָלן, דאָס וואָס איז געמאָלן.
מערבֿ — (לייען: מײַרעוו) .west
מזרח — (לייען: מיזרעך) .east

דערזען, ווי די שפיצן פון דער האלבער לבנה זײַנען געווענדט צו מזרח.

און זקנים, אלטע לײַט פון א ווײַטן לאנד, זײַנען געקומען דארטן און גערעדט מיט דעם האר און אים געזאגט: „איצט, ווען די שפיצן פון דער האלבער לבנה האבן זיך געווענדט צו מזרח, איז דאס א סימן אז דו דארפסט גיין אין דײַן שליחות!"

און דער האר איז נאך דעם אוועקגעפארן פון ארץ־ישראל, און ער האט שוין מער ניט געטראגן די קליידער פון א מאכ־מעדאנישן גײַסטלעכן, און ער איז געקומען קײַן אלעקסאנדריע, און ער האט דארטן געהאט צו טאן מיט די חשובֿסטע לײַט, און פון דארטן איז ער אהער געקומען, און איצט זיצט ער אין הויז פון קאפיטאן און פאסט.

אלע יידן פון ווענעציע האבן גערעדט וועגן דעם אויס־טערלישן מענטשן וואס איז געקומען צו זיי. מען האט געוואלט ארײַנקומען ריידן מיט אים, אבער דער האר האט שטרענג אנגעזאגט די דינערס קיינעם ניט צוצולאזן.

פרײַטיק נאך מיטאג האט דאך זיך ארײַנגעגנבֿעט צום פרעמדן אן אלטער ייד. ער האט דערזען ווי דער פרעמדער זיצט מיט די הענט אנגעשפארט דעם קאפ, ווי אין א שלאף פאר־זונקען. דער האר האט ענדלעך אויפגעהויבן די אויגן און אים דערזען:

— „ווער ביסטו?" — האט ער שטרענג געפרעגט.

— „אלחנן איז מײַן נאמען און איך בין געקומען אהער מיט די אנטלאפענע פון שפאניע".

— „וואס זשע ווילסטו פון מיר? צו וואס ביסטו אהער ארײַן?"

— „איך האב געהערט וועגן מײַן האר און איך בעט דעם האר צו קומען האלטן שבת בײַ זײַן ארעמען קנעכט. איך וויים,

גייסטלעכער — clergyman.
אלחנן — (לייען: עלכאנען).

אַז איך קען ניט געבן דעם האַר אַלץ אַזוי ווי עס פּאַסט אים. איך בין ניט פון די רײַכע און פון די חשובֿע דאָ. אָבער מײַן האַרץ איז פול מיט גלויבן און איך בין גרייט צו טאָן אַלץ וואָס איך קען נאָר פאַר מײַן האַר".

— „ניין, אלחנן", — האָט שטיל געענטפערט דער פרעמדער — „ניט צו דיר בין איך געקומען אַהער און איך קען צו דיר ניט גיין!"

ווי ער רעדט אַזוי, קומט שטיל אַרײַן אין צימער אַ צווייטער. ער איז אָנגעטאָן אַזוי ווי אַ קריסט, ער איז געגאָלט, ער האָט אַ פולן און לאַכעדיקן פּנים, און ער נעמט אַרויס אַ שטיק פּאַפּיר און הייבט אָן צו צייכענען.

— „ווער ביסטו און וואָס ווילסטו?" — פרעגט שטרענג דער האַר.

— „איך בין משה קאַסטילעץ, איך בין אַ מאָלער, אַ תּלמיד פון דעם גרויסן טיציאַנאָ, און איך בין געקומען מאָלן אַ בילד פון אײַך. מע רעדט אין שטאָט אַזוי פיל וועגן אײַך! און באמת, איך זע אַז איר האָט זייער אַן אינטערעסאַנטן פּנים".

— „איך בין ניט געקומען אַהער זיך לאָזן מאָלן. איך בין געקומען אין אַ גרויסער שליחות. און אַזוי ווי דו ביסט אַהער אַרײַן, וועל איך דיך בעטן, דו זאָלסט זאָגן אַלע פירערס פון דער יידישער קהילה, זיי זאָלן זיך אַלע צונויפקומען און זיי זאָלן מיך פאַרבעטן צו זייער צונויפקום. וועל איך זיי איבערגעבן צוליב וואָס איך בין דאָ. טו דאָס!"

— „איך וועל עס טאָן, אָבער די פירערס פון אונדזער רײַכער קהילה זײַנען זייער חשובֿע און שטאָלצע לײַט, און איך ווייס ניט, צי זיי וועלן אײַך פאַרבעטן צו קומען, אויב איר אַליין וועט פריער ניט גיין צו די חשובֿסטע און ניט בעטן אַליין וועגן אײַער ענין"...

— „טו וואָס איך באַפעל דיר!" — האָט דער האַר אומגע-

---

קהילה — (לייען: קהילע) community, congregation.

דולדיק איבערגעריסן. דער מאָלער איז אַוועק. אויך דער אַל־טער אלחנן איז אַוועק אַליין אַהיים, אָן אַן אורח אויף שבת.

שבת צו נאָכטס איז דער שמש געקומען מיט דער אײַנ־לאַדונג און זונטיק אין דער פֿרי איז געווען דער צונויפֿקום פֿון אַלע ייִדישע פֿירערס. דער רבֿ פֿון ווענעציע האָט זיך געווענדט צו דעם גאַסט:

— „מיר ווילן אײַך אויסהערן, דערציילט אונדז ווער איר זײַט און וואָס איז אײַער שליחות און וואָס ווילט איר פֿון אונדז״.

— „איך הייס דוד, איך בין געשיקט פֿון שבֿט ראובֿן, איך קום פֿון מדבר חבֿור. אין מדבר חבֿור איז פֿאַראַן אַ פֿרײַע ייִדישע מלוכה. מײַן פֿאָטער שלמה איז געווען דער קיניג איבער אָט די ייִדן, און איצט איז דאָרטן דער מלך מײַן עלטערער ברודער יוסף. און מיר האָבן געהערט וועגן די צרות פֿון ייִדן, וועגן גירושים און לײַדן, און דער קיניג יוסף האָט צונויפֿגערופֿן די זיבעציק עלטסטע און זיי האָבן באַשלאָסן, אַז איך, דוד הראובֿני, זאָל קומען אַהער צו העלפֿן דעם ייִדישן פֿאָלק. און איך וואַנדער שוין מער ווי אַ יאָר, ביז איך בין געקומען אין אײַער קהילה, אין דער שטאָט ווענעציע״.

— „ווי אַזוי ווילט איר העלפֿן?״

— „איך פֿאָר צום פּויפּסט אין רוים, איך האָב אַ שליחות צו אים״.

— „וואָס וועט איר ריידן צום פּויפּסט?״

— „וואָס איך וועל ריידן צום פּויפּסט איז באַשטימט נאָר פֿאַר די אויערן פֿון פּויפּסט!״ — האָט שטיל און פֿעסט אָפּגע־שלאָגן דער פֿרעמדער און איז אַנטשוויגן געוואָרן.

---

שבט ראובן — (לייען: שייוועט רואוון), שבט — tribe; ראובן איז יעקבס עלטסטער זון; דער שבט וואָס שטאַמט אָפּ פון ראובנען. שבט ראובן איז איינער פון די צען שבטים וואָס מע ווייסט ניט וואו זיי זיינען אהינגעקומען, פון די צען פארלאָרענע שבטים וואָס וועגן זיי זיינען פאַראַן אַ סך לעגענדעס.

גירושים — (לייען: גיירושים), מערצאָל פון גירוש (לייען: גיירעש), פאַרטרייבונג, דאָס פאַרטרייבן יידן. גירוש שפּאַניע הייסט דאָס פאַר־טרייבן יידן פון שפּאַניע.

הראובני — (לייען: האָרואווייני), דער וואָס איז פון שבט ראובן.

— „און וואָס דאַרפֿן מיר אײַך העלפֿן?"

— „מײַן ברודער דער קיניג יוסף און זײַנע עלטסטע האָבן מיר מיטגעגעבן גענוג געלט דורכצופֿירן די שליחות. אָבער איך בין שוין אין וועג איבער אַ יאָר. אין קאַירא האָט מען מיך באַגנבֿעט און צוגענומען דעם גרעסטן טייל טײַערע זאַכן וואָס איך האָב געפֿירט. איז בײַ מיר געבליבן ניט גענוג געלט, איך זאָל קענען קומען צום פּויפּסט מיט דעם גלאַנץ ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ שליח פֿון יידישן פֿאָלק. און אײַער קהילה האָט גאָט געבענטשט מיט רײַכקייט".

ביז די דאָזיקע לעצטע ווערטער איז די שפּאַנונג געוואָרן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. כּמעט אַלע פֿירערס פֿון די יידן אין ווענעציע האָבן געגלייבט אין אַלץ וואָס דער אויס־טערלישער פֿרעמדער האָט גערעדט אויף זײַן מאָדנעם העברעיִש, וואָס איז געקומען עפּעס טיף פֿון האַלדז. אָבער ווען זיי האָבן געהערט אַז דער פֿרעמדער בעט געלט — זײַנען זיי געוואָרן קאַלט און ברוגזלעך.

און דאָס וואָרט האָט גענומען דער געלערנטער מאַנטינאָ, וואָס איז געווען אָנגעטאָן ווי אַ ווענעציאַנער קריסט, האָט גע־האַט אַ געגאָלטן פּנים און געטראָגן די לאַנגע האָר פֿאַרקאַמט אויף דעם אופֿן ווי עס האָבן יעמאָלט געטאָן די אָנגעזעענע לײַט אין ווענעציע. ער האָט זייער גוט געקענט לאַטײַן און איז געווען זייער חשובֿ בײַ ניט־יידישע געלערנטע און מלוכה־לײַט. דעריבער איז ער אויך געווען צווישן די פֿירערס פֿון דער קהילה, כאָטש די פֿרומע יידן פֿון ווענעציע האָבן אים געהאַלטן פֿאַר אַן אַפּיקורס.

— „אַנדערע מעגן אײַך גלייבן, אָבער איך גלייב אײַך ניט! און אַפֿילו אויב איר זײַט טאַקע געקומען פֿון מדבר חבֿור ווי אַ שליח פֿון אײַער ברודער מיט זײַנע עלטסטע, דאַרפֿן מיר, יידן, אײַך גאָרניט האָבן! עס איז ניט אמת אַז יידן לײַדן מער

שפּאַנונג — צושטאַנד פֿון וואַרטן אָנגעשטרענגט.
אַפּיקורס — (לייען: אַפּיקוירעס) heretic, דער וואָס לייקנט אין אַ גלויבן, אַ פֿריידענקער.

ווי אַנדערע. ווען עס וועט ווערן בעסער אויף דער וועלט, וועט אויך נעמען אַ סוף צו די צרות וואָס ייִדן האָבן דערוויַיל. און מיר ווילן גאָרניט אַז פֿון ערגעץ אַ מדבר זאָל מען קומען צום פּויפּסט וועגן ייִדישע זאַכן. אויב מע דאַרף גיין צום פּויפּסט וועלן מיר בעסער וויסן ווי צו ריידן צו אים. און די אַלע אומ־געבעטענע שלוחים וואָס קומען אַהער בעטן געלט..."

אָבער מאַנטינאַ האָט ניט געקענט ענדיקן וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן. דער שליח פֿון מדבר חבֿור, וואָס איז פֿריִער געווען אַזוי רויִק און ווערדיק, האָט זיך פּלוצעם געגעבן אַ שטעל אויף, מיט איין שפּרונג איז ער געווען לעבן מאַנטינאַ, אים אַ כאַפּ געטאָן פֿאַר דער ברוסט, אים אַ הייב געטאָן, כאָטש מאַנטינאַ איז געווען העכער פֿון אים און געווען אַ שווערליַי־ביקער מענטש, און — אויב מע וואָלט אים ניט אַרויסגעראַ־טעוועט אין דער לעצטער מינוט, וואָלט ער אים געהאַט אַרויס־געוואָרפֿן דורכן פֿענצטער.

אין אַ וויַילע אַרום איז דער פֿרעמדער שוין געווען ווידער רויִק און מיט לאַנגזאַמע טריט האָט ער פֿאַרלאָזן די שול ווו עס איז געווען די פֿאַרזאַמלונג, און באַגלייט פֿון זיַינעביידע דינערס, האָט ער זיך געלאָזט צום הויז פֿון קאַפּיטאַן.

וועגעציע האָט געקאָכט מיט דעם וואָס עס איז פֿאָרגע־קומען אויף דער פֿאַרזאַמלונג. אַלע פּשוטע ייִדן האָבן געגלייבט אַלץ וואָס דער אויסטערלישער מענטש האָט געזאָגט. מען איז געווען אויפֿגערעגט איבער דער חוצפּה פֿון דעם אַפּיקורס מאַנ־טינאַ, פֿון דער קאַלטקייט און קאַרגקייט פֿון די פּירערס פֿון דער קהילה. נאָך דעם זעלביקן טאָג האָבן אַ סך רײַכע לײַט, און אויך אַ טייל פֿון די פּירערס פֿון דער קהילה, גענומען שיקן געלט דעם ייִדישן שליח. אָבער ער האָט פֿון קיינעם קיין שום גראָשן ניט אָנגענומען. די דינערס זײַנע האָבן מער קיינעם צו אים ניט צוגעלאָזט. זיי האָבן געמאָלדן, אַז דער האַר זייערער פֿאַרלאָזט די שטאָט.

שלוחים — (לייען: שלוכים), מערצאָל פֿון שליח, messengers.

און מען האָט דערציילט אַז נאָר איין מתּנה האָט דער שליח אָנגענומען פֿון אַ וועגעציאַנער ייִדן: אַ מתּנה פֿון דעם אַלטן אַלחנן, וואָס האָט געבראַכט דעם ייִדישן פֿירשט אויפֿן וועג אַ לאַבן ברויט און אַ פֿלאַש ווייַן. ער האָט אָנגענומען די מתּנה פֿון אַ ריינעם מענטשן מיט אַ ריין האַרץ. די איבעריקע זייַנען ניט ווערט, ער זאָל עפּעס נעמען פֿון זיי!

די נייַגעריקע האָבן טאַקע געזען, ווי דעם צווייטן טאָג אין דער פֿרי איז צוגעשוווּמען צום הויז ווו עס האָט געלעבט דער קאַפּיטאַן אַ גאָנדאָלע, וואָס איז געווען באַשלאָגן מיט זילבער און וואָס האָט געהאַט אַ געדעק פֿון זייַדנס איבער זיך. דער שליח איז געגאַנגען איבער טייַערע טעפּעכער וואָס מען האָט אויסגעשפּרייט פֿאַר אים. זייַנע דינערס האָבן געטראָגן שווערע קופֿערטן. אין דער גאָנדאָלע איז דער שליח צוגעפֿאָרן צו אַ שיף וואָס מען האָט פֿאַר אים אַליין געדונגען.

ווי זשע שיקט זיך עס אַז ער האָט קיין געלט ניט? אָ, דאָס האָט ער געוואָלט אויספּרוּוון די הערצער פֿון די פֿירערס! און אויפֿגערעגט איז מען געווען אויף די שלעכטע פֿירערס און באַגייַסטערט איז מען געווען פֿון דעם שליח וואָס קומט פֿון אַ ווייַטן מדבר, פֿון פֿרייַע און שטאַרקע ייִדן, צו העלפֿן זייַן פֿאָלק.

## דער ייִדישער אַמבאַסאַדאָר ביים פּויפּסט

באַר אַ קליינעם טייל וועג איז דוד הראובֿני געפֿאָרן מיטן שיף. דעם גרעסטן טייל וועג פֿון ווענעציע קייַן רוים האָט ער געריטן אויף אַ ווייַסן פֿערד. זייַן שם איז געגאַנגען פֿאַר אים. אומעטום פֿלעגן אים אַרויסקומען אַנטקעגן די חשובֿסטע פֿון דער ייִדישער קהילה, אין אַנדערע ערטער זייַנען אים אַרויס מקבל

פירשט — פירער, duke.
טעפּעכער — מערצאָל פֿון טעפּער, carpets, rugs.
שם (שעם) —נאָמען, fame.
מקבל פּנים זיין — (לייען: מעקאַבעל פּנים), פריינדלעך אויפֿנעמען, פייערלעך באַגעגענען, גיין אַנטקעגן, to welcome.

פנים זײַן אַלע ייִדישע אײַנװױנערס. און אָפֿט מאָל ניט נאָר ייִדן, װײַל אומעטום האָט מען גערעדט װעגן אַ װוּנדערלעכן שליח פֿון װײַטע און שטאַרקע ייִדן.

אין פּעזאַראָ האָט מען דעם ייִדישן שליח אױפֿגענומען אַזױ װי מע באַגעגנט אַ זיגער. ערבֿ פּורים איז דוד הראובֿני אָנגעקומען ניט װײַט פֿון רױם. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין אַ הױז פֿון אַ פֿרומען און רײַכן מאַן און דאָרטן פֿאַרבראַכט דעם פּורימדיקן טאָג. און די חשובֿסטע ייִדן פֿון רױם זײַנען אַרױס באַגעגענען דעם ייִדישן שליח. עס איז אַרױס מקבל פּנים זײַן דער אַלטער רבֿ; עס איז אַרױס אַנטקעגן דער גרױסער געלערנטער יוסף הצרפּתי; עס איז געקומען באַגעגענען דעם ייִדישן פֿירשט ר׳ דניאל פֿון פּיזאַ. אָט דער דניאל, זײער אַ רײַכער מאַן, אַ גוטמוטיקער און אַ פֿרײַנדלעכער, איז געװאָרן דוד הראובֿנים נאָענטסטער מענטש. דערװײַל זײַנען אַלע געװען אַרום דעם ייִדישן שליח, באַװוּנדערט אים און מיט באַגײַסטערונג אױפֿגענומען איטלעך װאָרט זײַנס.

שושן פּורים, דעם טאָג נאָך פּורים, איז דער שליח פֿון דער פֿרײַער ייִדישער מלוכה אַרײַנגעפֿאָרן אין דער צװײטער אײביקער שטאָט, אין רױם, װאָס איז דער שׂונא פֿון דער ערשטער אײביקער שטאָט, ירושלים. יוסף הצרפּתי, װאָס איז יעמאָלט געװען דער לערער פֿון דעם קאַרדינאַל עדזשידיאָ דעװיטערבאָ, האָט אָפּגערעדט אַז גלײַך נאָכן קומען זאָל דוד הראובֿני זיך טרעפֿן מיטן קאַרדינאַל. און זײ האָבן זיך באַגעגנט. זײ האָבן לאַנג געשמועסט און זײ זײַנען געװאָרן פֿרײַנד.

דוד הראובֿני איז געװען דער גאַסט פֿון קאַרדינאַל און געװױנט אין זײַן פּאַלאַץ. אָט דער קאַרדינאַל איז געװען זײער אַן אײדעלער מענטש, אַ גרױסער געלערנטער, אַ קענער פֿון ייִדישע ספֿרים און אַ פֿרײַנד פֿון ייִדן.

ביז שבת האָט דוד הראובֿני געלעבט בײַ אים. ערבֿ שבת

---

הצרפּתי — (לײען: האַצאַרפֿאַטי), אײנער װאָס קומט פֿון צרפֿת, פֿראַנקרײַך.

זײַנען געקומען פֿאָרשטייערס פֿון די רוימישע ייִדן און אײַנ־געלאַדן דעם שליח, אַז ער זאָל אויף שבת זיך אַריבערקלײַבן צו אַן אַלטן און געלערנטן ייִדן. דער קאַרדינאַל האָט אים פֿרײַנדלעך אַרויסבאַגלייט און געזאָגט אַז נאָך שבת קען ער ווידער זײַן בײַ אים, אויב ער וויל.

ווען דוד הראובֿני איז שבת פֿרי געקומען אין שול, האָבן אים די ייִדן אויפֿגענומען ווי אַ מלך. דוד הראובֿני האָט גע־בענטשט גומל, ער האָט באַדאַנקט גאָט פֿאַר דעם וואָס ער האָט אים געראַטעוועט פֿון אַלע געפֿאַרן אין וועג. ער איז געווען גליקלעך וואָס ער האָט דערגרייכט דעם ציל פֿון זײַן לאַנגער נסיעה.

און אַלע ייִדן פֿון רוים זײַנען איצט געווען גליקלעך. עס האָט זיך ניט שלעכט געלעבט די ייִדן אין רוים. דער פּויפּסט איז געווען אַ געלאַסענער און פֿרײַנדלעכער מענטש. ער איז געווען זייער אַ געבילדעטער, אַן אָנהענגער פֿון נײַע אידייען, אַ קעגנער פֿון דער אינקוויזיציע.

אָבער דאָך זײַנען ייִדן אין רוים געווען אומרויִק. עס זײַ־נען אָנגעקומען פּליטים פֿון פֿאַרשיידענע ערטער; עס האָבן נאָך אַלץ ניט געהאַט זיך אײַנגעאָרדנט די פּליטים פֿון שפּאַניע און פֿון פּאָרטוגאַל, וואָס אַנדערע פֿון זיי זײַנען געקומען אַהער נאָך דעם ווי זיי זײַנען אויסגעוואַנדערט אין אַ סך לענדער. עס איז יעמאָלט געווען אַ ביטערע מלחמה צווישן דעם דײַטשישן קייסער קאַרל דעם פֿינפֿטן און דעם פֿראַנצייזישן קיניג פֿראַנסואַ דעם

---

גומל בענטשן — (לייען: גוימל), מאַכן אַ ברכה צו באַדאַנקען גאָט פֿאַרן אַרויסראַטעווען פֿון אַ געפֿאַר.

נסיעה — (לייען: נעסיע), רײַזע, journey, voyage.

אינקוויזיציע — דאָס קירכלעכע געריכט צו משפּטן ניט־גלייביקע; די אינ־קוויזיציע פֿלעגט אויף אַ שרעקלעכן אופֿן פּייניקן די אַרעסטירטע, זיי זאָלן זיך מודה זײַן; די אינקוויזיציע פֿלעגט פֿאַרמשפּטן צו טויט דורך פֿאַרברענען.

פּליטים — (לייען: פּליטים), מערצאָל פֿון פּליט (לייען: פּאָליט), refugees.

ערשטן, און אויך ייִדן האָבן אַ סך געליטן פֿון איר. ייִדן זײַנען גע־ווען אומרויִק און געוואַרט אויף גרויסע געשעענישן. און דאָ קומט דער ייִדישער שליח, דער געשיקטער פֿון אַזוי ווײַט!

ער האָט געוועקט האָפֿענונגען: דערנענטערן זיך טאַקע משיחס צײַטן? איז די איצטיקע מלחמה צווישן דעם דײַטשישן קייסער און דעם פֿראַנצייזישן קיניג די לעצטע מלחמה פֿאַר משיחס קומען? איז טאַקע באַלד דער סוף צום לאַנגן ייִדישן גלות? האַלט רוים בײַם פֿאַלן? האָט דער ייִדישער פֿירשט עפּעס צו טאָן מיט דעם מאָנאַך פֿון דײַטשלאַנד, מיט מאַרטין לוטער, וואָס האָט צוגע־נומען פֿון פּויפּסט אַ טייל דײַטשישע אָנהענגערס? ווער ווייס, ווער ווייס?

און דאָ דערוויסט מען זיך אַז שוין מאָרגן, זונטיק אין דער פֿרי, האָט דער פּויפּסט אײַנגעלאַדן צו זיך דעם ייִדישן שליח. ווער וויל ניט זײַן דערבײַ, ווי דער ייִדישער אַמבאַסאַדאָר פֿאָרט צום פּויפּסט?! און עס איז טאַקע דאָ וואָס צו זען! ער רײַט אויף אַ שנייווײַסן פֿערד; עס באַגלייטן אים די חשובֿסטע ייִדן פֿון רוים. קריסטן וווּנדערן זיך, ייִדישע אויגן גלאַנצן מיט פֿרייד — אויך ייִדן האָבן דערלעבט נחת און גרויסקייט!

טויזנטער ייִדן באַגלייטן דוד הראובֿני אויפֿן וועג צום פּויפּסט. עס קומען אַרײַן אינעווייניק אין וואַטיקאַן נאָר די ייִדי־שע פֿירערס. זיי קומען אָן אין אַ זאַל, ווו דער קאַרדינאַל עדזשי־דיאָ וואַרט שוין אויף זיי. ער הייבט זיך אויף פֿון זײַן שטול, ער גייט אַנטקעגן דעם ייִדישן אַמבאַסאַדאָר. דוד הראובֿני דערקלערט אין קורצע ווערטער וועגן דעם ציל פֿון זײַן נסיעה און וועגן דער שליחות אין נאָמען פֿון דעם קיניג יוסף, זײַן ברודער. דער קאַרדינאַל ענטפֿערט מיט פֿרײַנדלעכע ווערטער. און דער קאַרדינאַל פֿירט אַרײַן דעם ייִדישן אַמבאַסאַדאָר צום פּויפּסט.

בײַם געשפּרעך מיטן פּויפּסט זײַנען פֿאַראַן נאָר דרײַ: דער פּויפּסט, דער ייִדישער אַמבאַסאַדאָר און דער קאַרדינאַל עדזשידיאָ

דע־ווייטערבאַ וואָס איז אויך געווען דער טאָלמעטשער. דער פּויפּסט קלעמענס דער זיבעטער האָט שוין געוווּסט ווער עס איז דער אַמבאַסאַדאָר. דאָך האָט ער נאָך אַ מאָל אויסגעהערט דעם אַמבאַסאַדאָר, וואָס האָט געניי דערציילט וועגן זײַן לאַנד, וועגן דעם אַז דער קיניג יוסף, זײַן ברודער, האָט פֿינף און צוואַנציק טויזנט זעלנערס, געניטע אין מלחמה, מוטיקע קריגסלײַט וואָס שטעלן זיך פֿאַר קיין שום שׂונא ניט אָפּ. עס פֿעלט זיי בלויז פֿײַער־געווער, זיי האָבן ניט קיין ביקסן און קיין האַרמאַטן.

ווען זיי זאָלן נאָך קריגן דאָס מאָדערנע געווער קענען זיי באַפֿאַלן דעם טערקישן סולטאַן פֿון דרום, קענען זיי פֿון אַראַביע גיין אויף ארץ־ישׂראל. ווען די קריסטן זאָלן אין דער זעלביקער צײַט אַנפֿאַלן אויף טערקיי מיטן ים און מיט דער יבשה, איז ניט שווער צו באַזיגן די טערקן.

יִדן דאַרפֿן נאָך דעם ווידער קריגן ארץ־ישׂראל. יִדן וואָס לײַדן אין דער גאָרער וועלט וועלן קענען קומען קײַן ארץ־ישׂראל. מע וועט שוין ניט דאַרפֿן טרײַבן יִדן פֿון פֿאַרשיידענע לענדער, עס וועט זײַן אויס אַרײַנלאָזן אָדער ניט אַרײַנלאָזן יִדן — זיי וועלן ווערן אַ פֿאָלק מיט פֿעלקער גלײַך, זיי וועלן ווידער האָבן אַ לאַנד און אַן אייגענע גרויסע מלוכה דאָרטן, ווו עס איז אַמאָל געווען זייער היים.

און דער פּויפּסט וועט קענען דורכפֿירן דעם אַלטן חלום פֿון באַזיגן די מאַכמעדאַנער; און די גרויסקייט פֿון דעם פּויפּסט וועט ווידער אויפֿשײַנען ווי אַמאָל.

דער פּויפּסט האָט זיך געוווּנדערט און געזאָגט:

צום ערשטן מאָל זעט ער אַ יִדן אַ קריגסמאַן. ביז איצט האָט ער געזען יִדישע געלערנטע און פֿאַרשיידענע חשובֿע יִדן וואָס זײַנען געקומען בעטן פֿאַר זייער פֿאָלק. ער אַליין איז ניט קיין קריגסמאַן, ווי עס איז דער יִדישער אַמבאַסאַדאָר. ער

---

טאָלמעטשער — interpreter.
דרום — (לייען: דאָרעם) south.

אליין האָט ניט קיין שיפֿן צו שיקן אין דער ווײַטער מדינה פֿון דוד הראובֿני מיט געווער אָדער מיט זעלנערס. און די קריסט־לעכע קיניגן זײַנען ניט אייניק צווישן זיך. ער איז פֿאַר־אינטערעסירט אין דעם פּלאַן, אָבער ער דאַרף אים גוט באַ־טראַכטן און זען, ווי אַזוי ער קען אים העלפֿן.

דוד הראובֿני האָט יעמאָלט פֿאַרגעלייגט, אַז דער פּויפּסט זאָל זיך מִיעִן מאַכן שלום צווישן דעם קייסער פֿון דײַטשלאַנד — וואָס איז צו גלײַכער צײַט געווען דער קיניג פֿון שפּאַניע, קאַרל דעם פֿינפֿטן, — און דעם פֿראַנצייזישן קיניג. מיט געאייניקטע כּוחות זאָלן זיי גיין אויף מזרח, קעגן דעם טערק!

האָט דער פּויפּסט אָנגעוויזן:

אָט די מלחמה צערײַסט זײַן האַרץ, אָבער אַלע באַמִיונגען צו שליסן שלום צווישן די צוויי הערשערס האָבן זיך ניט אײַנ־געגעבן. די מלחמה קומט פֿאָר אין איטאַליע וואָס ווערט חרובֿ איבער דעם. איצט, ווען זיי פֿירן מלחמה, וועט קיינער פֿון די צוויי מלכים ניט געבן קיין איין ביקס, קיין איין האַרמאַט, קיין איין שיף. דער איינציקער קיניג וואָס קען איצט געבן הילף איז זשואַן דער דריטער, דער קיניג פֿון פּאָרטוגאַל. ער פֿירט איצט ניט קיין מלחמות. ער וועט זײַן פֿאַראינטערעסירט אין אַזאַ פּלאַן. אויך האָט ער פֿרײַע שיפֿן. דאַרף מען זיך פֿאַרבינדן מיט פּאָרטוגאַל. נאָר מע דאַרף נאָך גוט באַטראַכטן דעם ענין.

האָט דער יִידישער אַמבאַסאַדאָר געזאָגט אַזוי:

— „אַלץ וואָס איר ווילט — איז אויך מײַן באַגער, איך וועל ניט אָפּטרעטן ניט אויף רעכטס, ניט אויף לינקס פֿון דעם וואָס איר וועט אָנווײַזן. איך בין אַהער געקומען צוליב דינען גאָט און ניט צוליב אַן אַנדער זאַך. און איך בין גרייט צו טאָן ווי איר געפֿינט אַז עס איז ריכטיק, ווײַל איך ווייס אַז איר ווילט מײַן טובֿה און די טובֿה פֿון דער זאַך, וואָס דער קיניג יוסף

באַגער — שטאַרקער ווילן, desire.

מײַן ברודער, און די זיבעציק עלטסטע האָבן מיך געשיקט דורכצופֿירן".

און דער פּויפּסט האָט פֿרײַנדלעך געענדיקט:

— „פֿון גאָט איז אַרויס די זאַך!"

נאָך דעם האָט דער פּויפּסט נאָך געשמועסט מיטן ייִדישן אַמבאַסאַדאָר וועגן אַנדערע זאַכן. ער האָט אים געפֿרעגט ווי ער שטייט אײַן און געבעטן דעם אַמבאַסאַדאָר קומען צו אים און אים גענויער דערציילן וועגן דעם לעבן אין מדבר חבֿור און דעם לעבן אין די לענדער וואָס דער שליח איז דורכגעפֿאָרן. צום סוף האָט ער געלאָזט אַרײַנרופֿן די ייִדישע פֿאַרשטייערס וואָס האָבן געוואַרט אויף דעם אַמבאַסאַדאָר און אויך צו זיי גערעדט פֿרײַנדלעכע רייד און זיי געזאָגט:

— „אויב איר וועט אים אָנטאָן כּבֿוד, וועל איך אײַך באַצאָלן פֿאַר אַלע הוצאות וואָס איר וועט מאַכן".

אויף דעם האָט יוסף הצרפֿתי געענטפֿערט אַז זיי פֿרייען זיך מיט אַזעלכע פֿרײַנדלעכע רייד פֿון מויל פֿון פּויפּסט, אָבער דער ייִדישער פֿירשט איז אויך זייער גאַסט און זיי וועלן זען, אַז זייער גאַסט זאָל קיין זאַך ניט פֿעלן.

דוד הראובֿני האָט זיך געזעגנט מיטן פּויפּסט. און מיט פֿרייד זײַנען אַלע געקומען אין דער ייִדישער געטאָ. די ייִדן, אַפֿילו די פֿירערס פֿון דער קהילה, האָבן ניט געוווּסט די פּרטים פֿון דעם שמועס. אָבער אַלע זײַנען געווען גליקלעך. דער טאָג איז געווען אַ נײַער פּורים. מען האָט געיום־טובֿט און געפּראַוועט פֿײַנע סעודות און געטרונקען ווײַן. נאָר דוד הראובֿני האָט געפֿאַסט.

ער האָט געפֿאַסט דעם טאָג ווען ער איז געווען בײַם פּויפּסט און געפֿאַסט די גאַנצע וואָך. פֿרײַטיק פֿאַר נאַכט האָט מען פֿאַר אים אויפֿגעקאָכט וואַסער און געקאָכט האָט מען עס מיט פֿאַרשיידענע קרײַטעכער, ווײַל מען האָט געזאָגט אַז דאָס איז אַ

הוצאות — (לייען: הויצאָעס), expenses.
פּרטים — (לייען: פּראָטים), details.
יום־טובֿן — (לייען: יאָנטעוון), פּראַוועט אַ יום־טובֿ, זיך פֿרייען, פֿייערן.
קרייטעכער — herbs.

רפֿואה נאָך אַזוי פֿיל פֿאַסטן. דוד הראובֿנים האַרץ איז געווען פֿאַרשמאַכט, ווײַל ער האָט דאָך זעקס טעג נאָך דער רײ ניט געגעסן און ניט געטרונקען. האָט ער געטרונקען אַ סך וואַסער ווי עס האָבן זיך געקאָכט די פֿאַרשיידענע קרײַטעכער און ער איז קראַנק געוואָרן פֿון דעם. די פֿריִערדיקע תּעניתים אין ירושלים און אין ווענעציע האָבן אים ניט געשאַט. אָבער ער איז ניט געווען צוגעוווינט צו די קרײַטעכער און ער האָט גע־קראָגן היץ. אַ קראַנקן האָט מען אים אַריבערגעפֿירט צו יוסף הצרפֿתּי וואָס איז געווען אַ גוטער דאָקטער.

דרײַ חדשים איז דוד הראובֿני אָפּגעלעגן קראַנק אין הויז פֿון יוסף הצרפֿתּי. יוסף האָט געהאַט אַ יונגע שוועסטער, דינה האָט זי געהייסן. דינה האָט געהיט דעם קראַנקן טאָג און נאַכט. מען האָט דעם קראַנקן געבאָדן אין אַנגעוואַרעמטן בוימל. נאָך דעם פֿלעגט מען אים אײַנוויקלען און לייגן אין בעט. ער האָט זייער שטאַרק געשוויצט.

דער קראַנקער האָט כּמעט קיין זאַך ניט געקענט עסן און האָט אויסגעזען ווי אַ מת. איין מאָל איז אים געוואָרן אַזוי שלעכט אַז דער דאָקטער האָט אים געזאָגט:

— „אפֿשר ווילט איר זאָגן ווידוי? דאָס דערנענטערט ניט דעם טויט און דאָס דערווײַטערט אים ניט"...

— „גייט געזונטערהייט!" — איז דער קראַנקער אין כּעס געוואָרן — „איך וויל ניט זאָגן ווידוי, ווײַל איך ווייס אַז איך וועל ניט שטאַרבן, ביז איך וועל אויפֿזאַמלען ירושלים! איך האָב בטחון אין גאָט!"

און יוסף הצרפֿתּי און זײַן שוועסטער דינה און אַלע אַרו־מיקע האָבן זיך געוווּנדערט און זיך געפֿרייט.

רפֿואה — (לייען: רעפֿוע), היילונג, מעדיצין.
פֿאַרשמאַכט — אָפּגעשוואַכט, שוואַך פֿון הונגער און דאָרשט.
תּעניתים — (לייען: טאַנייסים), מערצאָל פֿון תּענית (לייען: טאָנעס), fast-days.
בוימל — olive-oil.
ווידוי — (לייען: ווידע), confession, דאָס געבעט פֿאַרן טויט.
בטחון — (לייען ביטאָכן), גלויבן, האָפֿענונג, reliance, confidence.

## ירושלים וועט אין גיכן באפרייט ווערן!

ווען דוד הראובני איז געזונט געוואָרן, איז שוין דער קאַרדי־נאַל עדזשידיאָ ניט געווען אין רוים. ער איז געווען אַוועק־געפאָרן אין וויטערבאָ אויף אַ לאַנגער צייט. האָט דער יידישער אַמבאַסאַדאָר פאַרלאָרן דעם מענטשן וואָס האָט אים פאַרבונדן מיטן פּויפּסט. אָט דער קאַרדינאַל איז געווען זיין אָנ־העננער און דער טאָלמעטשער צווישן אים און דעם פּויפּסט.

דער אַמבאַסאַדאָר פון פּאָרטוגאַל דאָן מיגועל איז געווען אַ שונא פון יידן. ער האָט געוואָלט קריגן ביים גוטן פּויפּסט אַ דערלויבעניש איינצופירן אין פּאָרטוגאַל די אינקוויזיציע. און אָט האָט ער גאָר געדאַרפט ווערן אַ פאַרמיטלער צווישן זיין קיניג און אַ יידישן שליח! האָט ער געשטערט, האָט ער דעם גאַנצן ענין געהאַלטן אין איין פאַרציען און פאַרשלעפּן. אָט דער דאָן מיגועל האָט אויך געדאַרפט ארויסגעבן אַ דערלויבעניש אַז דוד הראובני זאָל גאָר מעגן אַריינפאָרן אין פּאָרטוגאַל: זינט מען האָט אין 1497 פאַרטריבן די יידן פון פּאָרטוגאַל, האָט קיין איין ייד ניט געטאָרט זיך באַווייזן אין דעם לאַנד פּאָרטוגאַל! סיידן ער האָט אַ באַזונדערע דערלויבעניש פון קיניג. און אַזאַ דערלויבעניש קריגט מען דורך די אַמבאַסאַדאָרן אין אויסלאַנד. האָט דאָן מיגועל זיך ניט געאיילט מיט דעם.

עס איז געקומען קיין רוים דער יידישער געלערנטער מאַנטינאָ. ער האָט געמוזט פאַרלאָזן ווענעציע. דאָרט זיינען יידן געווען אויפגעבראַכט אויף אים און מען האָט ניט געוואָלט האָבן צו טאָן מיט אים. אַהער איז ער געקומען צו פירן אינ־טריגעס קעגן דוד הראובני. און אַז ער האָט געזען אַז צווישן יידן וויל אים קיינער ניט הערן, האָט ער אָנגעהויבן צו ריידן שלעכטס אויפן יידישן אַמבאַסאַדאָר ביי יענע בישאָפן און קאַר־דינאַלן וואָס ער האָט געהאַט אַ צוטריט צו זיי.

און נאָך אַ נייער שונא האָט זיך באַוויזן. געהייסן האָט ער משה לאַטיין. ער איז געווען אַ הויכער און אַ שיינער יונג און

ליב געהאַט דינהן. ער האָט געמיינט אַז דינה איז שוין זײַנע. אָבער נאָך דעם ווי עס איז געקומען דוד הראובני, און באַזונדער נאָך דעם ווי ער איז קראַנק געוואָרן און דינה האָט אים באַדינט און געהיט אים, האָט זי אים געענטפֿערט:

— „איצט וועל איך ניט חתונה האָבן. איך וועל חתונה האָבן אין דער באַפֿרײַטער שטאָט ירושלים!"

און משה לאַטײַן האָט געהאַט אַ שטעל פֿון דעם איבערזעצער אין דעם פּויפּסטלעכן הויף, האָט ער איצט געקענט ברענגען שאָדן. ער האָט געהאַלטן אַז דוד הראובני האָט פֿון אים צוגענומען זײַן כּלה.

נאָר די איבעריקע יונגע ייִדן אין רוים זײַנען אַלע געווען געטרײַע דוד הראובני. זיי האָבן געשלונגען איטלעך וואָרט זײַנס. אָבער דוד הראובני איז געווען אַ שווײַגענדיקער. ער האָט זייער זעלטן גערעדט. ער האָט זיך געהאַלטן צוריקגעצויגן און נאָר ר׳ דניאל איז געווען אַ ביסל נעענטער צו אים.

דוד הראובני האָט ליב געהאַט אַרומצוגיין אַליין אין די אָוונטן איבער יענע טיילן פֿון דער אַלטער שטאָט רוים, וווּ עס זײַנען געבליבן רויִנען פֿון טעמפּלען פֿון די אַמאָליקע רוימישע געטער. ער איז אָפֿט געשטאַנען אונטער דעם טריומף-בויגן וואָס מען האָט אויפֿגעבויט פֿאַר טיטוסן נאָך דעם ווי ער האָט אײַנגענומען ירושלים און צעשטערט דעם בית-המקדש. מען האָט געזען ווי דער ייִדישער אַמבאַסאַדאָר שטייט דאָרטן אָפֿט פֿאַרטראַכט אָדער איז מתפּלל צו גאָט.

איין מאָל, ווען ער איז אַליין אַרומגעגאַנגען צווישן רויִנען, זײַנען צוויי מענטשן אים באַפֿאַלן מיט מעסערס אין די הענט. דוד הראובני האָט בײַ זיך גאָר קיין געווער ניט געהאַט. נאָר ער האָט זיך ניט פֿאַרלאָרן. פֿלינק האָט ער אַרויסגעכאַפּט אַ מעסער פֿון איינעם פֿון די אָנפֿאַלערס און זיך גענומען יאָגן נאָך זיי. זיי זײַנען אַנטלאָפֿן אין דער פֿינצטערניש פֿון אַנקו-

צוריקגעצויגן — ווייניק געהאַט צו טאָן מיט מענטשן. ס׳איז ניט גרינג געווען צו ווערן נאָענט מיט אים.
מתפּלל זיין — (לייען: מיספּאַלעל), דאַווענען, בעטן גאָט.

מענדיקן אָוונט. פֿון יעמאָלט אָן האָבן ייִדישע יונגעלײַט געמאַכט אַ שטענדיקע וואַך פֿאַרן ייִדישן אַמבאַסאַדאָר. ווו ער איז גע־גאַנגען, זײַנען יונגע און באַוואָפֿנטע ייִדן אים נאָכגעגאַנגען און געהיט.

יונגע ייִדן אין רוים האָבן יעמאָלט זיך געלערנט ווי אַזוי זיך צו באַגיין מיט געווער און האָבן געוואַרט אויף דעם, דוד הראובֿני זאָל זיי פֿירן קעגן דעם טערקישן סולטאַן אײַנ־צונעמען ארץ־ישׂראל. ער איז דאָך דער שליח פֿון משיחן! און מע דערציילט וועגן אים אַזוי פֿיל ווונדערלעכע זאַכן!

דער ייִדישער אַמבאַסאַדאָר איז זייער אומגעדולדיק, וואָס אים קומט אויס אַזוי לאַנג צו וואַרטן אין רוים. און ייִדן אין רוים זײַנען אומגעדולדיק. דאָך זײַנען זיי גליקלעך.

גראָד אין דעם יאָר האָט דער באַרימטער סקולפּטאָר מיקל־אַנדזשעלאָ פֿאַרענדיקט זיין משה־פֿיגור. מען האָט זי אַוועקגע־שטעלט אין אַ רוימישער קירך. און גאַנץ רוים, קליין און גרויס, קריסטן און ייִדן זײַנען געלאָפֿן באַוווּנדערן די הערלעכע שאַפֿונג. האָט מען געזאָגט, אַז דער גרויסער סקולפּטאָר האָט גענומען פֿאַר אַ מאָדעל דוד הראובֿני, ווייל אין דער פּאָזע, אין דער האַל־טונג, אין דער מאַיעסטעטישקייט פֿון דער משה־געשטאַלט האָט מען דערקענט די שטריכן פֿון דוד הראובֿני. און די מענטשן אין הויז פֿון יוסף הצרפֿתי האָבן אויך צוגעגעבן אַז מיקלאַנדזשעלאָ האָט געזען דעם ייִדישן אַמבאַסאַדאָר.

אָבער ער אַליין איז שוין געוואָרן זייער אומגעדולדיק. ביז איין מאָל באַווײַזט זיך פּלוצעם דער סעקרעטאַר פֿונם פּויפּסט שפּעט אין אָוונט און זאָגט דעם ייִדישן אַמבאַסאַדאָר:

— „דער פּויפּסט וויל אײַך זען אין אַכצן שעה אַרום!"

און ווען די שעה איז געקומען, האָט מען געבראַכט אַ שיין פֿערד. דוד הראובֿני איז אַוועק צום פּויפּסט רײַטנדיק. ער האָט געלאָזט זיך באַגלייטן נאָר פֿון זײַנע יונגע אָנהענגערס, אַלע אויף שיינע פֿערד און אַלע באַוואָפֿנט ווי אמתע קריגסלײַט.

מאַיעסטעטישקייט — די האַלטונג, די אײַגנשאַפֿט פֿו אַ הערישער, majesty.

ווען דוד הראובני איז געקומען פאַרן פויפסט, האָט ער דערזען אַז דער טאָלמעטשער איז... משה לאַטײַן. האָט ער געזאָגט אַז ער וועט ניט ריידן קיין וואָרט, ביז מע וועט ניט ברענגען אַ טאָלמעטשער וואָס ער טרויט אים, און ער האָט אָנגעוויזן אויף זײַן פרײַנד ר' דניאל פון פיזא וואָס איז די גאַנצע צײַט געווען אין רוים, ווײַל ער האָט ניט געוואָלט פאַרלאָזן דוד הראובני. האָט דער פויפסט געוואַרט, ביז מען האָט געבראַכט דניאלן און משה לאַטײַן האָט מען אַרויסגעשיקט.

האָט דער פויפסט קלעמענס דער זיבעטער געזאָגט:

— „עס איז שוין צײַט דורכצופירן דעם פּלאַן וואָס מיר ביידע ווילן אים, אַז דער אַמבאַסאַדאָר זאָל פאָרן קיין פּאָר־טוגאַל, און מיט אונדזער הילף וועט גאָט באַגליקן זיין וועג".

האָט דוד הראובני זיך זייער דערפרייט און געענטפערט:

— „איך בין שוין דאָ באַלד אַ יאָר, און עס איז די גאַנצע צײַט געווען מײַן ווילן, אַז איך זאָל קריגן די בריוו, וואָס איך האָב געבעטן פון דעם הייליקן פויפסט, צו דעם קיניג פון פּאָר־טוגאַל זשואַן דעם דריטן און אויך צו אַלע קריסטן וואָס איך וועל דורכגיין דורך זייער לאַנד, צו גרויסע און צו קליינע פירשטן".

— „איך וועל טאָן אַלץ וואָס עס וויל דער אַמבאַסאַדאָר" — האָט דער פויפסט געזאָגט.

— „איך ווינטש דעם פויפסט גליק און שלום טויזנט־פאַך!" — האָט דוד הראובני זיך געזעגנט, פאַרלאָזנדיק דעם פויפסט.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט דער ייִדישער אַמבאַסאַדאָר שוין געהאַט אַלע נייטיקע דאָקומענטן: די בריוו צום קיניג פון פּאָר־טוגאַל און צו אַ סך בישאָפן און צו פירשטן אין יענעם לאַנד מיט בקשות פון דעם פויפסט צו העלפן דעם ייִדישן שליח. און דעם אָוונט פאַרן אַוועקפאָרן פון רוים האָבן די פירערס פון די רוימישע ייִדן געמאַכט אַ יום־טוב לכבוד דוד

הראובֿני. אַלע זײַנען געווען נײַגעריק צו וויסן דעם אינהאַלט פֿון די בריוו. פֿיר חשובֿע ייִדן האָבן געבעטן מע זאָל זיי ווײַזן די דאָקומענטן וואָס דער פּויפּסט האָט געגעבן. זיי ווילן אָראָפּ־נעמען אַן אָפּשריפֿט פֿון די פּאַפּירן און עס זאָל בלײַבן פֿאַר די שפּעטערדיקע דורות אַן אָנדענק. אָבער דוד הראובֿני האָט עס ניט געלאָזט טאָן. ער האָט געזאָגט אַז ער טאָר קיינעם ניט ווײַזן דעם פּויפּסטס בריוו.

ווען דוד הראובֿני האָט געדאַרפֿט אין דער פֿרי אַוועקפֿאָרן, האָט מען אים דערציילט, אַז די פֿיר ייִדן האָט מען בײַ נאַכט אַרעסטירט פֿאַר פּרוּוון דערוויסן זיך די סודות פֿון פּויפּסט. דוד הראובֿני איז געוואָרן זייער אויפֿגעבראַכט. הייסט עס עמעצער האָט זיי געמסרט! האָט ער אָפּגעלייגט דאָס אַוועק־פֿאָרן און איז אַוועק צום סעקרעטאַר פֿון פּויפּסט, מע זאָל גלײַך באַפֿרײַען די פֿיר אַרעסטירטע ייִדן. די ייִדן האָט מען באַ־פֿרײַט און ערשט נאָך דעם האָט ער פֿאַרלאָזן רוים.

פֿון רוים איז דוד הראובֿני געפֿאָרן קיין פּיזאַ. דאָרטן האָט ער סוף־כּל־סוף געקראָגן דעם זיכערבריוו פֿון דעם פּאָר־טוגאַלישן אַמבאַסאַדאָר דאָן מיגועל.

דוד הראובֿני האָט אין פּיזאַ געוואַרט אויף דער שיף וואָס זאָל אים פֿירן קיין פּאָרטוגאַל. ער האָט געלעבט אין דעם הויז פֿונעם רײַכסטן ייִדן פֿון פּיזאַ, ר׳ יחיאל. ר׳ יחיאלס זיידע איז געווען אַ חבֿר פֿון דאָן יצחק אַברבנאַל, און פּונקט ווי זײַן זיידע האָט ר׳ יחיאל געטיילט אַ סך געלט פֿאַר ייִדישע פּליטים. דאָרטן האָט מען זיך געמיט אַז דער גרויסער גאַסט, דער שליח פֿון די ווײַטע ייִדן, זאָל זיך פֿילן גוט. ייִדישע מיידלעך זײַנען געקומען טאַנצן פֿאַרן ייִדישן האַר און שפּילן אויף האַרפֿן. יחיאלס פֿרוי האָט גאָר גוט געשפּילט אויף אַ האַרף און זי פֿלעגט אויך שפּילן פֿאַר דעם ייִדישן שליח. אָבער ער האָט ווי־דער געפֿאַסט! און ער האָט געזאָגט:

— „גוטס טוט איר מיט מיר, נאָר גאָט ווייס די געדאַנקען



דוד הראובני שמועסט מיטן פויפסט

פֿון מײַן האַרצן, אַז איך וויל ניט הערן די קלאַנגען פֿון האַרפֿן און פֿון פֿרייד".

אין פּיזאַ איז אָנגעקומען פֿאַרן יידישן אַמבאַסאַדאָר אַ שיינע מתנה פֿון דער פֿרוי וואָס איז יעמאָלט געווען די חשובֿסטע צווישן אַלע יידישע פֿרויען. דאָנאַ בענווענידאַ אַבּרבּנאַל, די פֿרוי פֿון דאָן שמואל אַבּרבּנאַל (דאָן יצחק אַבּרבּנאַלס זון), וואָס איז געווען דער פֿינאַנץ-מיניסטער פֿון דעם נעאַפּאָליטאַנישן קיניג, האָט צוגעשיקט אַ שיינע זײַדענע פֿאָן. אויף איר זײַנען געווען אויסגעהאַפּטן מיט גאָלד די צען-געבאָט. די פֿאָן איז גע-ווען אַן אַלטע און איז שוין אַ סך דורות געווען אין דער משפּחה אַבּרבּנאַל, וואָס שטאַמט פֿון דוד המלך.

דוד הראובֿני האָט מיט דער מתנה זיך געפֿרייט מער ווי מיט אַלע אַנדערע מתנות וואָס ער האָט ווען ניט איז געקראָגן. צו די פֿאָנען וואָס ער האָט געהאַט מיט זיך נאָך פֿון זײַן לאַנד אין מדבר חבֿור איז צוגעקומען נאָך אַן אַלטע און פּראַכטיקע פֿאָן.

פֿאַרן אוועקפֿאָרן האָבן אַלע פֿון דער משפּחה פֿון ר' יחיאל געגעבן מתנות דעם גאַסט. און די אַלטע באָבע פֿון ר' יחיאל האָט געגעבן אַ תּהילים, אָנגעשריבן אויף פּאַרמעט, מיט אַזאַ צו-שריפֿט:

„זאָלסט ניט ווערן אין כּעס, זאָלסט זײַן געדולדיק!"

טרומייטן האָבן געבלאָזן, יידן האָבן געווונטשן זיך צו דער-לעבן צו זײַן אין דער אויפֿגעריכטער שטאָט ירושלים, ווען דער יידישער אַמבאַסאַדאָר האָט זיך געזעצט אויף דער שיף וואָס האָט אים געפֿירט קײַן פּאָרטוגאַל. מיט אים איז געפֿאָרן אַ קליינע גרופּע פֿון יונגע און געטרײַע אָנהענגערס.

אַלע האָבן געזאָגט: „ירושלים וועט אין גיכן באַפֿרײַט ווערן!"

אַזוי האָבן געגלייבט יונג און אַלט, און ניט נאָר יידן,

אויסגעהאַפּטן — embroidered.
תּהילים — (לייען: טהילים, אויך טילים) The Book of Psalms, psalms
פּאַרמעט — parchment.

נאָר אַפּילו אַ טייל קריסטן. אַזוי האָט געגלייבט די יונגע דינה און די אַלטע באָבע פון ר׳ יחיאל; די פּשוטע ייִדישע מיידלעך פון רוים און פון פּיזאַ און די ייִדישע האַרינטע דאָנאַ אַבּרבנאַל פון נעאַפּאָל; דער אַלטער ר׳ אלחנן פון װענעציע און דער גרויסער געלערנטער ר׳ יוסף הצרפתי; דער גוטער און רייַכער ר׳ דניאל און די יונגע, העלדישע אָבער אָרעמע בחורים פון רוים וואָס האָבן זיך געריסן צו זייַן די ערנוואַך פון דעם ייִדישן אַמבּאַסאַדאָר. און מער ווי אַלע אַנדערע האָבן אין דעם געגלייבט די באַגייַסטערטע באַגלייטערס פון דוד הראובני. זיי זייַנען געוועזן גליקלעך וואָס זיי פאָרן מיט אויף דעם וועג וואָס פירט — צו דער באַפרייַטער שטאָט ירושלים!

## אַכט שיפן מיט פיר טויזנט מאַן!

אַ גוטער ווינט האָט געטריבן די שיף איבערן מיטנלענדישן ים. אָט איז מען באַלד שוין בייַם ברעג פון פּאָרטוגאַל. אָבער אַ גרויסע שיף קומט אַנטקעגן און פון דאָרט קומט אַ באַפעל מיט צייכנס וואָס די שיפסלייַט פון אַלע פעלקער פאַרשטייען:

„שטעלט זיך אָפּ!"

ווער זייַנען דאָרטן? ים־רויבערס? אָדער אפשר, האָט מען גענומען זאָגן, איז דאָס אַ שיף פון דעם גרויסן און שטאַרקן קייסער קאַרל וואָס וויל ניט אַז דער שליח פון דעם ייִדישן קיניג זאָל אַנשטאָט צו קומען צו אים גאָר פאָרן צו אַזאַ שוואַכן און קליינעם קיניג ווי עס איז דער קיניג פון פּאָרטוגאַל?

אַלע באַגלייטערס פון דוד הראובני באַוואָפנען זיך און רינגלען אים אַרום. זיי זאָגן אַז אַזוי גרינג וועט מען זיי ניט קענען נעמען! נאָר דוד הראובני איז רויִק:

— „האָט קיין מורא ניט, איך גיי אויף אַ זיכערן וועג. מיט

מיר קען קיין אומגליק זיך ניט טרעפֿן, ווײַל איך בין אַ געשיקטער צו טאָן אַ גרויסע מצווה!"

פֿון דער גרויסער שיף איז אַ קליין שיפֿל צוגעפֿאָרן צו זיי. דער קיניג פֿון פּאָרטוגאַל בעט דעם יידישן אַמבאַסאַדאָר אַריבערצוגיין אויף זײַנער אַ שיף און אויף איר צוצופֿאָרן צו דעם ברעג פֿון זײַן לאַנד! און דער קאַפּיטאַן פֿון דער קיניגלעכער שיף האָט אָפּגעוואַרט דעם יידישן אַמבאַסאַדאָר.

די שיף איז אָנגעקומען אין טאַווירא.

ווי נאָר מען האָט דערהערט אַז דוד הראובֿני איז אָנגעקומען, זײַנען אַלע פֿון שטאָט געלאָפֿן אים אַנטקעגן: קריסטן און מאַראַנען, קליינע קינדער און ווײַבער, די האַרן פֿון שטאָט און דאָס פּשוטע פֿאָלק. דער גאַנצער ברעג און דער וועג צו דער וווינונג וואָס מען האָט צוגעגרייט פֿאַרן אַמבאַסאַדאָר איז געווען געפּאַקט. נאָר איין גלח האָט זיך אוועקגעשטעלט ריידן:

— „עס איז ניטאָ קיין מלך בײַ יידן און בײַ זיי איז ניטאָ קיינער פֿון אַ קיניגלעכן אָפּשטאַם!"

אָבער דאָס פֿאָלק האָט געלאַכט פֿון דעם גלח, מען האָט אָפּגעשפּאָט פֿון אים, ביז ער האָט געמוזט אויפֿהערן צו ריידן.

די וווינונג איז געווען אין הויז פֿון אַ רײַכן מאַראַן. ער און זײַן פֿרוי האָבן באַדינט דעם יידישן האַר. זיי האָבן קיין באַצאָלט ניט געוואָלט נעמען ניט פֿאַר דער דירה, ניט פֿאַר די עסנס. ער האָט געזאָגט: „אַלץ וואָס איך האָב איז מײַן האַרס! האָט דוד הראובֿני באַפֿוילן אַז שלמה הכּהן וואָס איז געווען זיין קאַסיר און געהאַט אונטער זיך זײַנע זאַכן, אַז ער זאָל געבן דעם מאַראַן און זיין פֿרוי שיינע מתּנות.

---

מאַראַנען — יידן וואָס האָבן איבער גוואַלד אָדער אויס מורא אָנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן און זייַנען אין געהיים פֿאַרבליבן יידן; מאַראַנען איז דער נאָמען פֿאַר זיי ביי קריסטן, עס הייסט — פֿאַרשאָלטענע, פֿאַרשטויסענע.

שלמה הכּהן — (לייען: שלוימע האַקויהען), דער כּהן שלמה; אַ כּהן איז דער וואָס שטאַמט אָפּ פֿון די אַמאָליקע כּהנים; אַ כּהן האָט אין דעם רעליגיעזן לעבן געוויסע ספּעציעלע רעכט און ספּעציעלע פֿליכטן.

ביי נאכט האט זיך אריינגעגנבעט אין דער דירה דער גלח וואס האט ביי טאג גערעדט קעגן דעם יידישן אמבאסא־דאר. ער האט געזאגט:

— „איך בין א מאראן, א באהאלטענער ייד, און איך פריי זיך זייער שטארק מיט דעם אז יידן וועלן באפרייט ווערן און מיר, מאראנען, וועלן ווידער קענען ווערן יידן אפענערהייט! דאס האב איך גערעדט אזוי בייז כדי מע זאל ניט וויסן אז איך בין אויך א באהאלטענער ייד! לאז מיר קושן דיינע הענט, לאז מיר זיך צורירן צום זוים פון דיין קלייד, האר און העלפער!"

אבער דוד הראובני איז געווען זייער בייז און ער האט געזאגט:

— „איך בין ניט געקומען צו די מאראנען, איך קום צום קיניג פון פארטוגאל, און ווער עס איז א שונא פון קיניג פון פארטוגאל איז אויך מיינער א שונא. און עס גייען מיר ניט אן די מאראנען, ניט זייערע גוטע רייד, ניט זייערע פאר־שטעלטע בייזע רייד". און ער האט אים ארויסגעשיקט פון זיך.

פון טאווירא איז דוד הראובני געפארן קיין סאנטארעם. אויפן וועג זיינען די מאראנען אים ארויס אנטקעגן. זיי האבן אים געקושט די הענט, זיי זיינען אים נאכגעלאפן, געטאנצט פאר פרייד און אנדערע פון זיי האבן אפן גענומען שרייען אז זיי זיינען יידן. דוד הראובני האט געהאט דערפון גרוים צער און אנגעזאגט די דינערס, מע זאל ניט צולאזן צו אים די מא־ראנען. נאר עס האט ניט געהאלפן! די מאראנען זיינען געווען ווילד פון באגייסטערונג.

דער קיניג זשואן דער דריטער און זיין גאנצער הויף האבן זיך געפונען אין דער זומער־רעזידענץ אלמירים. דער קיניג האט פארלאזן די הויפשטאט ליסבאן, ווייל דארט האט זיך פארשפרייט די פעסט. איידער דער קיניג האט אויפגענומען דעם

הויף — court.
רעזידענץ — capitol.
פעסט — pest, plague.

ייִדישן אַמבאַסאַדאָר האָט ער געוואָלט זיך איבערצייַגן, צי עס איז טאַקע פֿאַראַן אַ פֿרייַע ייִדישע מלוכה אין דעם מדבר חבֿור אין אַראַביע. דער קיניג האָט זיך נאָכגעפֿרעגט ביי שיפֿס-קאַפּיטאַנען, וואָס זייַנען געפֿאָרן קיין אינדיע און פֿון דאָרטן ווייַטער צום ים-סוף. און ער האָט געפֿונען אַ קאַפּיטאַן וואָס האָט געוווסט וועגן דער ייִדישער מלוכה, און אויך וועגן דעם קיניג שלמה, וואָס איז געווען דוד הראובֿנים פֿאָטער. נאָך קאַפּיטאַנען האָבן דערציילט אַז זיי האָבן געהערט וועגן דער ייִדישער מלוכה.

האָט דער קיניג אייַנגעלאַדן נאָך דעם צו זיך דעם ייִדישן אַמבאַסאַדאָר. דוד הראובֿני האָט געריטן פֿון סאַנטאַרעם ביז אַלמיירים, נאָך אים האָט מען געפֿירט זייַן פֿאָן, אַ ווייַסע זייַדענע פֿאָן מיט די אויסגענייטע אותיות

## מ כ ב י*)

און הארן פֿון דעם קיניג פֿון פּאָרטוגאַל זייַנען אים אַרויס אַנטקעגן און אים אויפֿגענומען מיט גרויס כּבֿוד. דוד הראובֿני האָט איבערגעגעבן די דאָקומענטן וואָס ער האָט געפֿירט מיט זיך דעם קיניגס סעקרעטאַרן; אָבער דעם בריוו פֿון פּויפּסט האָט ער איבערגעגעבן דעם קיניג אין די הענט אַריין. און דער קיניג איז געווען זייער פֿריינדלעך צו דעם ייִדישן אַמבאַסאַדאָר און ער האָט גוט אויסגעהערט אַלע זייַנע רייד:

— „איך בין אַ זון פֿון דעם קיניג שלמה, און מייַן ברודער דער קיניג יוסף געוועלטיקט איבער דער ייִדישער מלוכה אין מדבר חבֿור, ווייַל ער איז דער עלטערער. און איך בין אַ קריגס-מאַן פֿון מייַן יוגנט אָן און ביז איצט. און איך בין געקומען

*) די ערשטע אותיות פֿון דעם לאָזונג „מי כמוך באלים יהוה" — — „ווער איז ווי דו צווישן די געטער, יהוה". דאָס איז אויך געווען אויף דער פֿאָן פֿון יהודה המכבי.

געוועלטיקן — הערשן, to rule.

ניט צו בעטן אַ גרויסע אָדער אַ קליינע זאַך. איך בין געקומען פֿאַרצולייגן הילף און צו בעטן הילף צו פֿירן מלחמה קעגן דעם סולטאַן פֿון די טערקן, וואָס איז דער שונא פֿון מײַן לאַנד און דער שונא פֿון דײַן לאַנד. דרײַ הונדערט טויזנט מאַן האָט אונטער זיך מײַן ברודער דער קיניג, און פֿינף און צוואַנציק טויזנט זעלנערס, געניטע אין מלחמה, העלדישע, מוטיקע לײַט, וואָס זיי שטעלן זיך פֿאַר קיין זאַך ניט אָפּ און קיין זאַך שרעקט זיי ניט".

— „וואָס זשע פֿאַרלאַנגסטו פֿון אונדזער קיניגטום, וואָס די ביסט געקומען אַזוי ווײַט פֿון מזרח קיין מערבֿ?" — האָט דער קיניג געפֿרעגט.

— „מיר זײַנען פֿון דער יוגנט געוווינט צו מלחמה. אָבער מלחמה ווערט בײַ אונדז געפֿירט מיט שווערד, שפּיז און פֿײַלן-בויגן. און מיר ווילן גיין אין דער הייליקער שטאָט ירושלים און אָפּנעמען גאַנץ ארץ-ישראל פֿון די טערקן. בין איך געקומען זוכן פֿײַער-געווער, ביקסן און האַרמאַטן. איך בין אויך געקומען זוכן געלערנטע מײַסטערס וואָס קאָנען מאַכן פֿײַער-וואַרפֿערס און אַלע מאָדערנע געווער, זיי זאָלן קומען אין מײַן לאַנד און דאָס אויסלערנען אונדזערע קריגסלײַט. מיר דאַרפֿן ניט קיין מענטשן צו פֿירן די מלחמה, נאָר געווער און געלערנטע מײַס-טערס. מיר נייטיקן זיך אין שיפֿן וואָס זאָלן אונדז ברענגען פֿײַער-געווער און די מענטשן וואָס זײַנען אין זיי געניט".

— „וויפֿל דאַרפֿסטו?"

— „עס וועט זײַן גענוג אויב דער קיניג וועט שיקן אַכט שיפֿן מיט פֿיר טויזנט מאַן!"

— „וואָס אָבער וועט דערפֿון האָבן אונדזער מלוכה?"

— „דער נאָמען פֿון מײַן האַר דעם מלך וועט ווערן גרעסער פֿון אַלע אַנדערע מלכים וואָס לעבן און וואָס האָבן געלעבט! דער אַלטער שונא פֿון אײַך, קריסטן, וועט ווערן באַזיגט. דער נאָמען פֿון דעם קיניג און פֿון זײַן לאַנד וועט ווערן געבענטשט

פֿון הייליקן פּויפּסט און פֿון אַלע קריסטן אין דער וועלט. און שיפֿן פֿון דעם קיניג פֿון פּאָרטוגאַל וועלן אין אַ גרויסער צאָל גיין קיין אינדיע און אין אַלע מלוכות פֿון מזרח, און אין אַראַביע. פֿון אַלע לענדער אַרום ארץ־ישׂראל און פֿון אַלע לענדער אין מזרח וועט דער גאַנצער האַנדל זײַן אין די הענט פֿון קיניג. און דאָס וועט אים ברענגען רײַכטום אָן אַ ברעג, און גרויסקייט און שטאַרקייט, מער וויפֿל עס האָט דער קייסער*)!"

— „רעכנט איר טאַקע צו באַזיגן די טערקן?" — האָט דער קיניג געפֿרעגט.

— „בײַ אונדז גלייבן אַלע אין דעם. מיר וועלן גיין אויף ארץ־ישׂראל פֿון דרום, פֿון אַ זײַט וואָס איז ניט באַשיצט און וואָס דער סולטאַן ריכט זיך ניט אויף אונדז. ער ווייסט אַז מיר האָבן ניט קיין פֿײַער־געווער און דעריבער שרעקט ער זיך ניט פֿאַר אונדז. ווייסט ער ניט, אַז מיר זײַנען העלדישע קריגסלײַט און געניט אין פֿירן מלחמה פֿון די יונגע טעג אָן. אַזוי ווי דוד האָט געזיגט איבער דעם פּלישתּי גלית אַזוי וועלן מיר זיגן איבער דעם טערקישן סולטאַן!"

— „אין ארץ־ישׂראל זײַנען פֿאַראַן הייליקע ערטער פֿאַר אונדז, קריסטן, און מיר האָבן זיי געוואָלט אַליין צונעמען פֿאַר זיך".

— „מיר דאַרפֿן ניט אײַערע הייליקע ערטער, נאָר דאָס לאַנד פֿאַר די ברידער אונדזערע. נאָך דעם ווי מיר וועלן אָפּ־נעמען דאָס לאַנד, וועלן די פֿאַרשטויסענע פֿון ישׂראל זיך צונויפֿקלײַבן אין דעם יידישן לאַנד, און עס וועלן מער ניט זײַן קיין ייִדן אין די לענדער פֿון די קריסטן, און עס וועט זײַן רו און שלום צו אײַך און צו אונדז".

— „מען האָט מיר געזאָגט אַז דו ביסט געקומען מאַכן

*) דער קייסער פֿון דער „הייליקער רוימישער אימפּעריע" קאַרל דער פֿינפֿטער.

גלית — (לייען: גאָליאַט). Goliath.

די מאראנען צוריק פֿאַר ייִדן, אַז די מאראנען האַלטן זיך אָן עצה קעגן די קריסטן און דו ביסט מיט זיי".

— „מײַנע און דײַנע שונאים זאָגן דאָס. דאָ זע איך צווישן די הארן וואָס שטייען אַרום דיר דאָן מיגועל, וואָס ער האָט ניט געטאָן דײַן פֿאַרלאַנג און האָט ניט געהאָלפֿן איך זאָל וואָס גיכער קענען קומען אַהער. איך בין ניט קיין גײַסטלעכער, די זאַכן פֿון גלויבן זײַנען ניט מײַנע ענינים. איך בין ניט קיין נבֿיא און ניט קיין געשיקטער פֿון אַ נבֿיא און איך וויל ניט צונעמען קיינעם פֿון קריסטלעכן גלויבן. איך בין אַ קריגסמאַן און געשיקט פֿון אַ לאַנד פֿון קריגסלײַט וועגן זאַכן פֿון מלחמה. מײַן צונג רעדט ניט קיין פֿאַרשטעלטע רייד און ניט קיין פֿאַלש־קייט איז אין מײַן זינען. איך בין געקומען שליסן אַ בונד צווישן דעם קיניג יוסף, מײַן ברודער, און דעם קיניג פֿון פּאָרטוגאַל, וואָס איך שטיי איצט פֿאַר זײַנע אויגן. און נאָר דאָס באַגערט מײַן הארץ, און נאָר איבער דעם בין איך געקומען פֿון מזרח אין דעם ווײַטן מערבֿ".

דער ייִדישער אַמבאַסאַדאָר האָט געזען אַז זײַנע רייד זײַנען געפֿעלן געוואָרן. און דער קיניג האָט אים געזאָגט:

— „שרײַב אויף אויף פּאַפּיר אַלע דײַנע רייד און אַלץ וואָס דו ווילסט מיר זאָלן באַטראַכטן, און איך וועל אין איינעם מיט מײַנע הארן די זאַך באַקלערן און דיר לאָזן וויסן אונדזער קיניגלעכן ענטפֿער".

מיט דעם האָט זיך פֿאַרענדיקט דער ערשטער שמועס צווישן דוד הראובֿני און זשואַן דעם דריטן. אין פּאָרטוגאַלישן הויף פֿירט זיך, אַז יעדערער וואָס קומט אַרײַן צום קיניג קושט אים די האַנט בײַם אַרײַנגיין און בײַם אַרויסגיין. אָבער דוד הראובֿני האָט דעם קיניגס האַנט ניט געקושט ווײַל ער האָט געזאָגט אַז מיט זײַנע ליפּן רעדט אויך אַ קיניג, זײַן ברודער יוסף.

גייסטלעכער — clergyman.
באַגערט — פֿאַרלאַנגט.

# דעם קיניגס סעקרעטאַר



סך הויפּלייט זיַינען געווען ביַים שמועס מיטן קיניג. דוד הראובֿינין איז עס ניט געפעלן געוואָרן וואָס אַזוי פיל מענטשן ווייסן וועגן זיַין פּלאַן, וועגן די אַלע פּרטים פון פּלאַן. ווען ער האָט גערעדט מיטן פּויפּסט זיַינען ניט געווען קיין זיַיטיקע. אָבער וואָס האָט ער געקאָנט טאָן? זשוען דער דריטער האָט ליב געהאַט צערעמאָניעס מיט פיַיערלעכקייטן, און שטענדיק זיַינען אַרום אים געווען אַ סך הארן. האָט מען זיך וויַיט און ברייט דערוווּסט וועגן דעם פּלאַן מיט די אַכט שיפן און פיר טויזנט מאַן. איז מען געקומען צום ייִדישן אַמבאַסאַדאָר וועגן דעם.

עס זיַינען געקומען שיפס-קאַפּיטאַנען, וואָס האָבן געוואָלט פאָרן קיין מזרח אָדער וואָס זיי זיַינען שוין אַ מאָל געווען אין די מזרח-לענדער. עס זיַינען געקומען מענטשן, געניטע אין די פאַרשיידענע פיַיער-געווער, וואָס דוד הראובֿני האָט געוואָלט. אָבער מער פון אַלץ זיַינען געווען מאַראַנען: גיַיסטלעכע, הויפּ־לייַט, ריכטערס, געלערנטע לייַט און סתם פּשוטע מענטשן. די מאַראַנען האָבן אים געקושט די האַנט, האָבן זיך געבוקט פאַר אים ווי פאַר אַ מלך, זיַינען אים שטענדיק נאָכגעגאַנגען. זיי האָבן אים געשיקט אַ סך מתנות, וואָס דוד הראובֿני האָט אָנ־געזאָגט די דינערס אַז זיי זאָלן ניט אָננעמען. זיי האָבן אים ניט געגעבן קיין רו ניט ביַי טאָג, ניט ביַי נאַכט.

דוד הראובֿני האָט צונויפגעשטעלט אויף העברעיִש דעם בריוו צום קיניג מיטן פּלאַן צו געבן אים שיפן און געניטע מענטשן. אָבער עס זיַינען ניט געווען קיין גוטע איבערזעצערס וואָס זאָלן קאָנען איבערגעבן עס אויף פּאָרטוגעזיש. די מענטשן וואָס דוד הראובֿני האָט געהאַט מיט זיך האָבן אָדער גאָרניט געקענט קיין פּאָרטוגעזיש, אָדער ניט גענוג גוט צו קענען שריַיבן פאַרן קיניג. האָט מען פון קיניג אים געשיקט זאָגן אַז ער זאָל זיַין בריוו אויסשטעלן אויף אַראַביש, און עס געפינט זיך צווישן די האַרן איינער וואָס קען זייער וווּיל אַראַביש. איז

געקומען איבערזעצן דעם בריוו דאָן מיגועל וואָס איז געווען אַ קענער פֿון אַראַביש. אָבער דוד הראובני האָט אים פֿאַרטריבן און געלאָזט אָנזאָגן דעם קיניג, אַז אויב דער שונא זײַנער וועט נאָך אַ מאָל זיך באַווײַזן פֿאַר אים, וועט ער אים דערשטעכן מיט זײַן שווערד. האָט דער קיניג געשיקט אַן אַראַבער וואָס איז געווען אין זײַן דינסט. אָבער דער ייִדישער אַמבאַסאַדאָר האָט געמאָלדן אַז מען קען ניט האָבן קיין צוטרוי צו אַ מאָכ־מעדאַנער, ווען עס רעדט זיך וועגן זײַן פּלאַן.

האָט דער קיניג געפֿרעגט אַלע לײַט וואָס זײַנען אין הויף:

— „ווער פֿון אײַך קען גענוג אַראַביש, ער זאָל קענען אי־בערזעצן אַ וויכטיקן דאָקומענט פֿאַר אונדז?“

— „איך!“ — האָט געענטפֿערט דער קיניגלעכער סעקרע־טאַר דיִאָגאָ פּירעס.

— „גיי צום ייִדישן אַמבאַסאַדאָר און זעץ איבער אַ דאָ־קומענט וואָס ער האָט צוגעגרייט!“ — האָט אים דער קיניג געשיקט.

דיִאָגאָ פּירעס איז מיט פֿרייד אַוועק צו דוד הראובני. ער האָט אים שוין עטלעכע מאָל געזען, ער האָט געוואָלט זיך באַ־קאַנען מיט אים.

עס קומט אַרײַן צו דוד הראובני אַ יונגער מענטש פֿון עטלעכע און צוואַנציק יאָר. ער איז הויך, ער האָט אַ שיינע פֿיגור און האַלט זיך אויסטערליש פֿײַן. ער האָט טונקל־בלאָנדע האָר און גרויסע, ליכטיקע גאָלדיק־גרויע אויגן. אַן איידל גע־שניצטע נאָז, אַ באַחנט מויל מיט אַ פֿרײַנדלעכן שמייכל וואָס פֿאַרכישופֿט, וואָס ציט צו. ער זאָגט אַז ער איז דער קיניג־לעכער סעקרעטאַר. דער קיניג האָט אים געשיקט צום ייִדישן אַמבאַסאַדאָר. ער הייסט דיִאָגאָ פּירעס און ער וועט איבערזעצן דעם אַמבאַסאַדאָרס שיקונג פֿון אַראַביש אויף פֿאַרטוגעזיש.

אָבער ווי נאָר ער בלײַבט אַליין מיט דוד הראובני —

פֿאַלט ער אויף דער ערד, נעמט קושן דעם זוים פֿון דוד הראובנים קלייד, זוכט זײַן האַנט זי צו קושן, און ווי נאָר דוד

הראובני גיט זיך אַ הייב עמעצן אַרײַנצורופֿן, שרײַט ער אויס:

— „גענטלעכבער מאַן, פֿאַרשטויס מיך ניט!"

— „איך בין ניט קיין גענטלעכער מאַן און איך בין ניט קיין נבֿיא. איך בין אַ זינדיקער מענטש, אַזוי ווי אַלע. איך בין אַ קריגסמאַן פֿון מײַנע יונגע טעג און ביז איצט. איך האָב אַליין דערהרגעט פֿערציק מאַן. מע דאַרף ניט פֿאַלן צו מײַנע פֿיס און מע דאַרף ניט קושן מיר די האַנט. אַ האַנט קושט מען אין פּאָרטוגאַל נאָר דעם קיניג".

— „גענטלעכבער מאַן, נבֿיא, אויסלייזער, אָדער אַנזאָגער פֿון אויסלייזער! פֿאַרשטויס מיך ניט! הער אויס מײַנע רייד!"

— „איך וועל זיך צוהערן צו די רייד, אויב איר וועט זיך באַרויִקן, און איר וועט מיך ניט רופֿן „גענטלעכער מאַן", און איר וועט זיך זעצן לעבן מיר און ניט ליגן אויסגעצויגן אויף דער ערד".

דער קיניגלעכער סעקרעטאַר האָט זיך אויפֿגעהויבן.

— „אַלץ וואָס מײַן האַר און מײַן באַפֿעלער וועט מיר זאָגן וועל איך טאָן, איצט און שטענדיק!"

דוד הראובֿני האָט געשוויגן. דיִאַגאָ פּירעס האָט זיך באַרויִקט אַ ביסל און אָנגעהויבן:

— „איך בין אַ מאַראַן, אַ פֿאַרשאָלטענער מאַראַן, פֿאַרשאָלטן פֿון קריסטן, פֿאַרשטויסן פֿון ייִדן. איך האָב זיך פֿײַנט, איך קען זיך ניט פֿאַרטראָגן וואָס איך בין אַ מאַראַן, אַ פֿאַרשטעלטער, אַ צווייענדיקער, אַ באַהאַלטענער, אַ ליגנערישער"...

— „וואָס זשע האָט איר זיך געשמדט?" — האָט אים קאַלט איבערגעריסן דער אַמבאַסאַדאָר.

— „איך האָב זיך ניט געשמדט! מײַן עלטערן ברודער האָט מען צוגערויבט פֿון מײַן טאַטע־מאַמע און מען האָט אים פֿאַרשלעפּט אין אַ קלויסטער. איצט איז ער אַ גלח וואָס האָט פֿײַנט ייִדן און רעדט מיט שׂנאה קעגן ייִדן! און כּדי מיך אויך ניט צו פֿאַרלירן, האָבן מײַנע עלטערן זיך געשמדט און

אויסלייזער — באַפֿרייער, redeemer.

אויך מיך אָפּגעשמדט, ווען איך בין געווען אַ קליין קינד. זיי האָבן דאָס גאַנצע לעבן זייערס אַוועקגעגעבן פֿאַר מיר. זיי האָבן מיך געלערנט, געמאַכט פֿאַר אַ געבילדעטן מענטשן און איינגעניט אין דער פֿירונג פֿון דער וועלט. דער פֿאָטער מײַנער האָט קיין סך ניט געוווּסט פֿון דער ייִדישער תּורה, אָבער וואָס ער האָט געוווּסט האָט ער מיך אויסגעלערנט. ער האָט מיך באַשוווּרן, אַז איך זאָל די ייִדישקייט מײַנע האַלטן אין געהיים, כאָטש ער האָט געזען, ווי פֿײַנט איך האָב פֿאַרשטעלטע זאַכן. אָבער איצט זײַנען שוין פֿאָטער און מוטער טויט. איך דאַרף שוין ניט מורא האָבן פֿאַר זייער לעבן, איך דאַרף שוין ניט איבערטרעטן די שבֿועה. איצט וויל איך זײַן אַ ייִד, אַן אָפֿענער ייִד, אַ ייִד וואָס די גאַנצע וועלט וויים אַז ער איז וואָס ער איז! און איר, מײַן האַר, זײַט גראָד איצט געקומען! איז עס ניט אַ צייכן פֿון הימל? איך וועל אײַך נאָכגיין, איך וועל זײַן אײַער באַדינער, איך וועל וואַשן דעם שטויב פֿון אײַערע פֿיס, און איך וועל זײַן גליקלעך!"

— „אָבער איר ווייסט אַז איר קענט דערפֿאַר באַצאָלן מיטן לעבן?"

— „און אויך מיט טויזנט לעבנס בין איך גרייט צו באַצאָלן פֿאַר דעם! איך וואַרט אויף דעם, איך חלום וועגן דער שעה פֿון קידוש־השם, איך בענק נאָך דעם אויף מײַן געלעגער בײַ נאַכט און אין דעם טומל פֿון בײַ טאָג!"

— „אָבער ווער וועט האָבן עפּעס דערפֿון? וואָסער ישועה וועט דערפֿון אַרויסקומען? וואָס ווילט איר דערגרייכן מיט דעם?"

— „די ישועות זײַנען בײַ גאָט. וואָס עס וועט אַרויסקומען איז ניט קיין פֿראַגע פֿאַר דעם גערעכטן, בלויז נאָר, צי ער גייט אויפֿן ריכטיקן וועג! איך זע ווי איר ווילט מיך אויספֿרווּון

שבֿועה — (לייען: שוואוע), oath.
קידוש־השם — (לייען: קידעש־האַשעם), דאָס הייליקן גאָטס נאָמען, זיך ברענגען פֿאַר אַ קרבן פֿאַרן גלויבן, martyrdom.
ישועה — (לייען: יעשוע), הילף.

מיט אייערע פֿראַגעס, מיין האַר. מיין האַרץ איז ריין און גאַנץ, קיין ספֿקות זיינען דאָרטן ניטאָ!"

— „איך ווייס דאָך ניט וואָס איר ווילט!"

— „איך וויל אויפֿגיין ווי אַ קרבן פֿאַר גאָט!"

דער אַמבאַסאַדאָר איז ווידער געוואָרן אין כּעס:

— „איר זייט געשיקט פֿון דעם קיניג, אייער האַר, איבער־צוזעצן פֿון אַראַביש אויף פּאָרטוגעזיש די שיקונג מיינע צו אייער קיניג. טוט די אַרבעט אייערע, דיאָגאָ פּירעס!"

— „זאָל מיין האַר טאָן חסד מיט מיר און מיך ניט רופֿן מיטן מיאוסן, מיטן אומגליקלעכן, מיטן באַליידיקנדיקן קריסטלעכן נאָמען. מיין ייִדישער נאָמען איז שלמה מולכו. מיר איז זייער פּיינלעך צו הערן דעם קריסטלעכן נאָמען פֿון מויל פֿון מיין האַר!"

— „גוט, שלמה מולכו, אָבער איצט דאַרף איך די אַרבעט, איך דאַרף אַז דער בריוו זאָל וואָס גיכער אַוועק צום קיניג!"

— „איך וועל טאָן אַלץ וואָס איך קען, אַלץ וואָס דער האַר פֿאַרלאַנגט פֿון מיר. און איך בעט דעם האַר, אַז ווען ער וועט האָבן צייט זאָל ער מיט מיר לערנען תּורה!"

— „איך בין ניט קיין געלערנטער און איך וועל קיין מאָל מיט קיינעם קיין תּורה ניט לערנען. איך האָב דאָך שוין גע־זאָגט, אַז איך בין אַ קריגסמאַן און אַ געשיקטער פֿון איין קיניג צו אַ צווייטן קיניג!"

— „איך זע אַז איך בין ניט ווערט, אַ שליח פֿון גאָט זאָל לערנען מיט מיר. זאָל אָבער דער האַר מיר דערלויבן אים דער־ציילן אַ חלום וואָס איך האָב די נאַכט געזען. עס האָבן זיך מיר געחלומט טויבן: ווייסע טויבן, שוואַרצע טויבן און גרויע טויבן. און די שוואַרצע טויבן האָבן געביסן די ווייסע טויבן, אָבער זיי זיינען געבליבן ווייס; און די שוואַרצע טויבן האָבן

---

ספֿקות — (לייען: ספּייקעס), מערצאָל פֿון ספֿק (לייען: סאָפּעק), doubts
קרבן: — (לייען: קאָרבן) offering, sacrifice, victim.
חסד טאָן — (לייען: כעסעד) טאָן גוטס, אַרויסווייזן גענאָד, to favor.
מולכו — (לייען: מאָלכאָ, אויך — מאָלכע).

געביסן די גרויע טויבן — און זיי זײַנען געוואָרן פֿאַרבלוטיקט. אָבער עס איז געקומען צו פֿליִען אַן אָדלער פֿון דער הייך, און ער האָט געראַטעוועט די גרויע טויבן, און די גרויע טויבן זײַנען געוואָרן ווײַס, און דער אָדלער האָט זיי גענומען אויף זײַנע שטאַרקע פֿליגלען און ער האָט..."

— „דיִאָגאָ פּירעס! אויב איר וועט נאָך אויסריידן איין וואָרט, וועל איך הייסן מײַנע דינערס אײַך אַרויסטרײַבן!"

דער קיניגלעכער סעקרעטאַר איז געוואָרן שטיל און אונטערטעניק. ער האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט פֿון איבערזעצן.

## דער אויפֿשטאַנד פֿון מאַראַנען

אין דער דערבײַיִקער שפּאַניע האָט די אינקוויזיציע געפּײַניקט די מאַראַנען. אין פּאָרטוגאַל איז קיין אינקוויזיציע ניט געווען און די מאַראַנען האָבן זיך געפֿילט אַ סך, אַ סך פֿרײַער. זיי האָבן געוווּסט אַז מע וויל אײַנפֿירן די אינקוויזיציע אויך אין פּאָרטוגאַל און אַז דער קיניג האָט וועגן דעם געבעטן דעם פּויפּסט. פֿריִער האָט עס זיי געשראָקן. אָבער איצט, ווען דער יִדישער אַמבאַסאַדאָר פֿירט אונטערהאַנדלונגען מיטן קיניג, זײַנען זיי געווען זיכער אַז קיין אינקוויזיציע וועט מען ניט אײַנפֿירן. און וואָס עס וועט זײַן שפּעטער האָט זיי שוין אויך ניט געאַרט. שפּעטער וועט מען זײַן אין דער באַפֿרײַטער שטאָט ירושלים!

זײַנען די מאַראַנען געוואָרן אַלץ אָפֿענער און אָפֿענער. דוד הראובֿני איז געווען ווי זייער קיניג. מען איז געקומען פֿון אַלע שטעט אין פּאָרטוגאַל נאָר כּדי אַ קוק צו טאָן אויף אים. קינדער און דערוואַקסענע האָבן געטאַנצט אין די גאַסן: די אויסלייזונג איז נאָענט! גאַנצע מחנות מאַראַנען פֿלעגן שטיין פֿאַר די פֿענצטער פֿון דעם הויז ווו דער אַמבאַסאַדאָר האָט גע-

אויסלייזונג — באַפֿרייאונג, redemption.

וויינט. זיי האָבן אים באַגעגנט מיט טרומייטן, מיט שאַלן און מיט פרייידגעשרייען. דאָס אַלץ האָט מען איבערגעגעבן דעם קיניג וואָס איז געווען ביז גאָר אומצופרידן מיט דער אומרויִקייט ביי די מאַראַנען.

פון מאַראָקאָ און פון אַלזשיר זיינען געקומען צו דוד הראובני שלוחים פון יידישע קהילות. די יידן פון פעץ האָבן געשיקט טייערע מתנות און געלאָזט וויסן דעם אַמבאַסאַדאָר, אַז ביי זיי זיינען פאַראַן אַ סך העלדישע יידן וואָס וואַרטן אויף זיין רוף צו פירן מלחמה קעגן סולטאַן. עס איז געוואָרן אַזוי ווי אַ קליינער קיניגלעכער הויף אַרום דוד הראובני.

דער קיניג זשואַן דער דריטער איז געווען גרייט דורכצופירן דעם פּלאַן, צו שיקן שיפן און מענטשן אַזוי ווי דער ייִד פון מזרח בעט ביי אים. אָבער זיין לאַגע איז געוואָרן שווערער. דער קייסער קאַרל איז נאָך דעם זיג איבער דעם פראַנצייזישן קיניג פראַנסואַ געוואָרן דער באַלעבאָס איבער גאַנץ אייראָפּע. האָט זשואַן מורא געהאַט זיך אַריינצולאָזן אין דעם אָן דעם קייסערס וויסן און צושטימונג. בפרט ווען דער קייסער האָט גאָר געזאָלט חתונה האָבן מיט זיין שוועסטער.

ביים הויף איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער די פּאַרטיי וואָס האָט געהאַלטן אַז מע דאַרף זיך וואָס מער דערנעענטערן צו שפּאַניע און וואָס מער נאָכמאַכן שפּאַניע. דאָן מיגועל איז איצט געווען דער פירער פון דער פּאַרטיי און ער האָט זייער שטאַרק געשטערט אַז דער קיניג זאָל טאַקע אָננעמען דוד הראובנים פּלאַן. אָבער אָפּזאָגן אים האָט דער קיניג אויך ניט געוואָלט. האָט זיך די זאַך פאַרצויגן.

דער יידישער אַמבאַסאַדאָר האָט געזען אַז די סאַמע מוטיקע צווישן אַלע יידן זיינען גראַד די מאַראַנען. ער האָט זיך דערוווּסט אַז אַ סך מאַראַנען זיינען גוטע שיפסלייט, אַ סך קענען די קונסט צו מאַכן פייער־געווער, זיינען גרויסע מייסטערס פון ביקסן, און זיי וואָלטן געקאָנט ברענגען אַ סך נוצן זיין מלוכה אין אַראַביע. אָבער ער האָט ניט געוואָלט שטעלן אין

געפֿאַר זײַן גאַנצן פּלאַן און זיך פֿאַרבינדן מיט די מאַראַנען, וואָס זײַנען פֿון אים ניט אָפּגעטראָטן.

אויך די שפּאַנישע מאַראַנען זײַנען איצט געווען פֿול מיט האָפֿענונג, ווען זיי האָבן זיך דערוווּסט וועגן דעם אויסטערלישן שליח פֿון אַ ווײַטער ייִדישער מלוכה. אין דער שפּאַנישער שטאָט באַדאַכאָץ, וואָס געפֿינט זיך לעבן דער גרענעץ מיט פּאָר־טוגאַל, זײַנען די מאַראַנען געוואָרן כמעט אָפֿן ייִדן. האָט די אינקוויזיציע זיי אָנגעהויבן רודפֿן. האָבן די מאַראַנען דער־הרגעט דעם אָרטיקן אָנפֿירער פֿון דער אינקוויזיציע. האָט מען געשיקט מיליטער זיי צו אַרעסטירן. אָבער זיי האָבן באַוויזן צו אַנטלויפֿן אין דער דערבײַיִקער שטאָט פֿון פּאָרטוגאַל. האָט די אינקוויזיציע אַרעסטירט די קרובֿים, די ווײַבער, די קינדער, די עלטערן פֿון די אַנטלאָפֿענע מאַראַנען.

זײַנען די שפּאַנישע מאַראַנען געקומען מיט אַ געוויין צו דוד הראובֿני, אַז ער זאָל זיי ראַטעווען. זיי האָבן אים דערציילט, ווי אַזוי מע פּײַניקט זייערע נאָענטע, זיי האָבן געוויינט און געשריִען, זיך געוואָרפֿן אין שטויב פֿאַר אים. וויפֿל דער ייִדי־שער אַמבאַסאַדאָר האָט ניט געזאָגט, אַז ער קען ניט העלפֿן, האָט מען ניט געוואָלט הערן. די דינערס און די יונגע אָנהענגערס פֿון דוד הראובֿני וואָס זײַנען מיטגעקומען מיט אים פֿון איטאַליע האָבן געטענהט אַז מע דאַרף העלפֿן די מאַראַנען. אָבער זיי האָבן ניט געקענט פּועלן.

מיט אַ מאָל פֿאַרשווינדט דער געטרײַסטער אָנהענגער אליהו. ער איז געווען אַ לערער אין רוים. ער איז געווען זייער אַ מוטיקער און באַגײַסטערטער מענטש און פֿון די ערשטע וואָס זײַנען צוגעשטאַנען צו דוד הראובֿני. זײַן האַר זעט אַז אַנדערע פֿון די וואָס זײַנען שטענדיק אַרום אים ווייסן עפּעס און ווילן ניט דערציילן. נאָר דער סוד איז אין גיכן באַוווּסט געוואָרן. מען האָט וועגן דעם גערעדט אין גאַנץ פּאָרטוגאַל און אין גאַנץ שפּאַניע.

רודפֿן — (לייען: רוידעפֿן), to persecute.

אליהו האָט זיך פֿאַרשטעלט פֿאַר אַ גלח און איז אַוועק אין דער שפּאַנישער שטאָט באַדאַכאָץ. ער איז געווען אין די קעלערן פֿון אינקוויזיציע, ער האָט אַלץ אויסגעקוקט, ווו עס געפֿינען זיך די אַרעסטירטע קרובֿים פֿון די מאַראַנען, ווי אַזוי מען היט זיי, ווי אַזוי מע קען באַפֿאַלן דאָס אָרט ווו מען האַלט זיי. נאָך דעם האָט ער אָנגעפֿירט אַ גרופּע מאַראַנען וואָס זײַנען בײַ נאַכט אַריבער די גרענעץ צווישן פּאָרטוגאַל און שפּאַניע, זײַנען פּלוצעם באַפֿאַלן די קעלערן פֿון דער אינקוויזיציע און האָבן אַרויסגעראַטעוועט פֿון דאָרטן די געפֿאַנגענע. אַלע זײַנען אין אַ מזלדיקער שעה ווידער אַריבער די גרענעץ פֿון פּאָרטוגאַל, חוץ אליהו וואָס מען האָט אים געכאַפּט. ער איז אומגעקומען ווי אַ קרבן פֿון די אינקוויזיטאָרן. אָבער מיט זײַן טויט האָט ער געקויפֿט דאָס לעבן פֿון אַ סך משפּחות.

„דער אויפֿשטאַנד פֿון די מאַראַנען" — אַזוי האָט מען עס גערופֿן אין הויף פֿון קיניג זשואַן דעם דריטן. מען האָט ניט געגלייבט אַז דער ייִדישער אַמבאַסאַדאָר האָט ניט געוווּסט פֿון דעם. מען איז געווען זיכער אַז דאָס איז געווען זײַן פּלאַן און אַז דאָס האָט ער געשיקט זײַן דינער אליהו צו באַפֿרײַען די מאַראַנען איבער גוואַלד.

דוד הראובֿני איז געווען אײַנגעלאַדן צו אַ גרויסער סעודה בײַם קיניג. דער אַמבאַסאַדאָר איז געזעסן צווישן די סאַמע חשובֿע לײַט ניט ווײַט פֿון קיניג, וואָס לעבן אים פֿון דער רעכטער זײַט און פֿון דער לינקער זײַט זײַנען געזעסן זײַנע צוויי ייִנגערע ברידער. דער גלאַנץ פֿון די טײַערע כּלים פֿון גאָלד און פֿון זילבער האָט פֿאַרכאַפּט דאָס אויג. דער ייִדישער אַמבאַסאַדאָר איז געזעסן לעבן דעם קיניגלעכן סעקרעטאַר פֿון איין זײַט און לעבן דעם קאַפּיטאַן, וואָס האָט דערציילט דעם קיניג וועגן זײַן פּאָטער, — פֿון דער צווייטער זײַט. דאָס האָט מען אַזוי אויסגעזעצט אַז ער זאָל קענען ריידן מיט די מענטשן וואָס זיצן לעבן אים, ווײַל די ביידע האָבן פֿאַרשטאַנען אַראַביש און זײַנען געווען אים גוט באַקאַנט.

אויפֿן טיש איז געווען פֿון כּל־טובֿ. אין מיטן טיש איז געווען אויף אַ גרויסן זילבערנעם טעלער אַ גאַנצער געבראָטע־נער שעפּס, באַצירט מיט גילדערנע הערנער. עס זײַנען אויך געווען אויפֿן טיש פֿיר געשאָכטענע חזירים, גאַנצע פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, אויך עופֿות אַ סך.

דעם קיניג האָט מען דערלאַנגט אין אַ זילבערנער שיסל וואַסער צו וואַשן די הענט. דער וואָס האָט געוואַשן דעם קיניגס הענט האָט פֿריער אָפּגעטרונקען אַ ביסל פֿון דעם וואַסער. פֿון אַלע מאַכלים האָט פֿריִער געגעסן דער קיניג און ערשט נאָך דעם האָט מען געמעגט עסן. הינטער יעדן גאַסט איז געשטאַנען אַ באַזונדערער באַדינער, וואָס האָט אים דערלאַנגט די מאַכלים, ווען זײַן ריי איז גע־קומען.

דער ייִדישער אַמבאַסאַדאָר האָט ניט געגעסן פֿון די פֿליישן, האָט ניט געטרונקען פֿון די ווײַנען. ער האָט נאָר גענומען אַ שטיקל ברויט, אַן איי און אַ ביסל וואַסער. אַלע אַרום דעם טיש האָבן זיך איבער דעם געוווּנדערט, אָבער קיינער האָט קיין זאַך ניט געזאָגט וועגן דעם. ווען עס איז געקומען די ריי פֿאַרן קיניגלעכן סעקרעטאַר צו נעמען פֿון די פֿליישן, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט צו עסן פֿלייש. דוד הראובֿני וואָלט אים געהייסן נעמען פֿלייש, עס זאָל ניט ווערן איבער דעם אַ געשפּרעך בײַם טיש. אָבער ער האָט עס ניט געוואָלט זאָגן. ווײַל דער שיפֿס־קאַפּיטאַן וואָלט עס פֿאַרשטאַנען. האָט ער געשוויגן. דער סעק־רעטאַר האָט געזאָגט אַז ער איז ניט געזונט און קען ניט עסן. אָבער אַלע האָבן געקוקט מאָדנע אויף אים.

נאָך די פֿליישן האָט מען דערלאַנגט פֿרוכטן און כּלערליי זיסע זאַכן. ווען דאָס עסן האָט זיך געענדיקט האָט מען אַראָפּ־גענומען אַלע כּלים און אויך די טישטעכער. דעם קיניגס ברו־דער וואָס איז געווען אַ קאַרדינאַל האָט געבענטשט די וואָס זײַנען געזעסן אַרום טיש און די סעודה איז געווען געענדיקט.

כּל־טוב — (לייען: קאָלטויו), אַל דאָס גוטס, כּלערליי גוטע זאַכן.

נאָר מענער זײַנען געזעסן בײַם טיש. אַפּילו די קיניגין איז ניט געווען דערבײַ. נאָכן מאָלצײַט איז דער קיניג מיט זײַנע געסט אַוועק אין דעם זאַל וווּ עס איז געווען די קיניגין מיט אירע געסט. ווען דוד הראובֿני איז געווען לעבן דעם קיניג האָט ער אים צוגערופֿן צו זיך און געזאָגט דורך דעם טאָלמעטשער, דעם שיפֿס-קאַפּיטאַן:

— „איך האָב זיך געפֿרייט וואָס דו ביסט געקומען מיר צו הילף. אָבער איצט זע איך אַז דו ביסט גאָר געקומען מאַכן די מאַראַנען צוריק פֿאַר ייִדן".

— „איך בין געקומען צו העלפֿן דעם קיניג פֿון פּאָרטוגאַל צו ווערן דער גרעסטער מלך בײַ די קריסטן" — האָט דוד הראובֿני געענטפֿערט.

— „איך האָב געהערט, אַז די מאַראַנען זײַנען מתפּלל מיט דיר צוזאַמען, אַז זיי לייענען אין דײַנע ביכער טאָג און נאַכט, אַז דו האָסט אַפּילו שוין געמאַכט אַ שול וווּ איר זײַט אַלע צוזאַמען" — האָט דער קיניג ווײַטער גערעדט.

— „מלכים עפּענען ניט זייערע אויערן פֿאַר מוסרים" — האָט דוד הראובֿני קורץ געענטפֿערט.

— „אָבער דײַן דינער באַפֿאַלט אַ שטאָט פֿון אַ פֿרײַנדלעכן לאַנד, דײַנע לײַט מאַכן אויפֿשטאַנדן. אפֿשר איז נאָענט דער טאָג ווען דײַנע לייט וועלן מאַכן אַן אויפֿשטאַנד אויך קעגן מיר!"

— „איך האָב ניט קיין בייזע און באַהאַלטענע פּלענער. איך האָב ניט קיין סודות פֿון דיר. און אויב דער קיניג האָט ניט קיין צוטרוי צו מיר, האָט ער עס גלײַך געזאָלט זאָגן און איך וואָלט געפֿאָרן צוריק אַהיים, אָדער דער פּויפּסט וואָלט מיר געגעבן אַן אַנדער עצה צו ווענדן זיך צו וועמען. פֿאַר וואָס זשע פֿאַרציט דער קיניג דעם ענטפֿער? פֿאַר וואָס האָט ניט

מוסרים — (לייען: מאָסרים) informer, denouncer.

דער קיניג קיין צײַט צו ריידן מיט מיר וועגן די פּרטים פֿון פּלאַן? איך בין געקומען פֿון אַזוי ווײַט און דער קיניג האָט פֿאַר מיר קיין איין טאָג ניט, דער קיניג איז שטענדיק פֿאַר־נומען מיט הערן פֿאַלשע רייד וועגן מיר. פֿאַר וואָס האָט דער קיניג ניט געענטפֿערט אויף מײַן בריוו?"

אָט די ווערטער האָט דוד הראובֿני אַרויסגעבראַכט זייער אויפֿגערעגט. עס וואָלט געקענט זיך דוכטן אַז ער איז אַ סך אַ גרעסערער קיניג ווי זשואַן דער דריטער. יענער איז טאַקע ווייכער געוואָרן:

— „מיר האָבן דעם פּלאַן באַטראַכט. און וואָס זײַנען די אַלע נעמען אין דײַן אונטערשריפֿט? זײַנען דאָרט אַלע נעמען — די נעמען פֿון דײַנע אָבֿות, די אַלע צוויי און דרײַסיק נעמען זײַנען דײַנע אָבֿות?"

— „מײַנע אָבֿות זײַנען זיי, פֿון דעם קיניג דוד דעם זון פֿון ישי ביז דעם קיניג שלמה, מײַן פֿאָטער" — האָט דער אַמ־באַסאַדאָר רויִק און שטאָלץ געענטפֿערט.

— „איך האָב קיין זאַך ניט קעגן דיר" — האָט דער קיניג גע־זאָגט — „אָבער פֿאַר וואָס לאָזסטו זיך קושן די האַנט פֿון די מאַראַנען? פֿאַר וואָס זײַנען זיי איצט אַזוי חוצפּהדיק? פֿאַר וואָס מאַכט אַן אויפֿשטאַנד דײַנער אַ דינער? פֿאַר וואָס פֿאַר־שפּרייטן זיי קלאַנגען אַז אין גיכן וועלן ייִדן אײַננעמען די גאַנצע וועלט? און זע, אַפֿילו מײַן סעקרעטאַר, אַ ווילער און ליבער מענטש, דיִאָגאָ פּירעס, איז אויך געוואָרן גאָר אַן אַנדערער! אָט האָט מען מיר געזאָגט אַז ער מאַכט דיר נאָך אין אַלץ און אויב דו עסט ניט בײַ מײַן טיש, וויל ער אויך ניט עסן!"

— „דײַן סעקרעטאַר האָט געזאָגט אַז ער איז ניט געזונט" — האָט אים דוד הראובֿני געענטפֿערט און צוגעגעבן — „איך בעט דיך, שיק אים מערניט צו מיר, און איך וועל מײַנע דינערס

אָבֿות — (לייען: אָוועס), ancestors, fathers.
ישי — (לייען: אײַשײַ).

אַנזאָגן, מע זאָל אים צו מיר ניט אַרײַנלאָזן. איך דאַרף ניט די געװעזענע ייִדן", — האָט דער אַמבאַסאַדאָר געזאָגט.

— „זע אָבער מע זאָל דיר ניט קושן די האַנט!" — האָט דער קיניג פֿאַרענדיקט דעם געשפּרעך.

מיט גרױס צער איז דוד הראובֿני אַװעק פֿון קיניג. ער האָט געזען די געפֿאַר פֿאַר זײַן פּלאַן װאָס קומט פֿון דעם װאָס די מאַראַנען זײַנען אים אַזױ געטרײַ.

סוף פֿון ערשטן בוך.

# דוד הראובני און שלמה מולכו

---o---

## אינהאַלט:

### בוך איינס: דער יידישער אַמבאַסאַדאָר





### בוך צוויי: דער קרבן

יודל מארק

# דוד הראובני
## און
# שלמה מולכו

בוך צוויי :

## דער קרבן



ארויסגעגעבן פון
פאַרלאַג קינדער־רינג
ביי דעם
בילדונגס־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג
ניו־יאָרק.

קינדער-רינג-ביבליאָטעק

סעריע: היסטאָרישע געשטאַלטן

# דוד הראובני
## און
# שלמה מולכו

פון יודל מאַרק

בוך צוויי:

דער קרבן





200

Printed in the U. S. A.

## דיאָגאָ פּירעס ווערט אַ ייד

ב אַך דעם איז דיִאָגאָ פּירעס עטלעכע מאָל געקומען צו דעם יִדישן אַמבאַסאַדאָר. אָבער די באַדינערס האָבן אים ניט צוגעלאָזן. האָט ער זיך פאַרשטעלט. ער האָט אָנגעקלעפּט אַ לאַנגע בלאָנדע באָרד, זיך אָנגערופן מיט אַן אַנדער נאָמען און געזאָגט אַז ער איז געשיקט פון קיניג צום אַמבאַסאַדאָר. ווען ער איז געבליבן אַליין, האָט ער אַ ריס געטאָן די באָרד, זיך אויסגעגליכן און דוד הראובני האָט גלייך דערקאָנט דעם קיניג־לעכן סעקרעטאַר.

— „צו וואָס טוסטו דאָס?״ — האָט דוד הראובני אים גע־פרעגט.

— „צו קענען אַרייַנקומען צו דיר, מיין האַר און באַפעלער!״

— „וואָס דאַרפסטו פון מיר?״

— „איך ווייס אַז דו, מיין האַר, פאַראַכטסט מיך, ווייל איך בין נאָך אַ קריסט. איך וויל זיין אַ ייִד! מאַך מיך פאַר אַ ייִדן!

טו מיט מיר דעם חסד און פיר דורך איבער מיר אַ ברית, אָדער באַפעל דיין מענטשן שלמה הכהן, אַז ער זאָל דאָס טאָן! איך קען ניט לענגער בלייבן אַ ניט־ייִד!״

— „דו זאָלסט ניט טאָן די זאַך אין אָט דער צייַט!״ — האָט דוד הראובני אויסגעשריִען — „דערפון וועט אַרויסקומען אַ סכנה פאַר דיר און אויך פאַר אונדז. אַפילו ווען דו זאָלסט עס אַליין טאָן איבער זיך, וועט מען אַלץ זאָגן, אַז דאָס האָב איך געטאָן אָדער געהייסן עמעצן דאָס טאָן!״

אַ חסד — (לייען: כעסעד) זיין גוט צו עמעצן. to favor.

דער קיניגלעכער סעקרעטאַר האָט גאָרניט געענטפֿערט. ער האָט בלויז געשמייכלט. האָט דוד הראובֿני ווײַטער גערעדט:

— „שטיי אויף דײַן פֿאָסטן פֿאַרן קיניג, און פֿון דײַן פֿאָסטן קען אַרויסקומען גוטס פֿאַר אונדזער פֿאָלק. דו זאָלסט זיך היטן ניט צו טאָן די זאַך אין אָט דער צײַט, ווײַל פֿון דעם וועט אַרויסקומען אַ סכּנה פֿאַר מיר, פֿאַר דיר, פֿאַר אַלע אַנוסים!"

דיִאָגאָ פּירעס האָט זיך טיף פֿאַרנייגט און איז אַרויסגעגאַנגען.

אויף מאָרגן קריגט דוד הראובֿני אַ קליין צעטעלע פֿון אים. שלמה מולכו שרײַבט: ער האָט פֿון דוד הראובֿנים ווערטער פֿאַרשטאַנען די אַנצוהערעניש, אַז ער זאָל אַליין דורכפֿירן דעם ברית; האָט ער דעריבער עס געטאָן, און איצט וועט שוין דער האַר אים ניט פֿאַראַכטן מער; ער האָט פֿאַרלאָרן אַ סך בלוט און איז זייער אָפּגעשוואַכט; ער געפֿינט זיך אין סאַנטאַרעם, אין הויז פֿון אַ מאַראַן.

דוד הראובֿני איז אויפֿגעציטערט געוואָרן פֿון רחמנות צו דעם יונגן מענטשן און פֿון כּעס איבער זײַן לײַכטזיניקייט און ניט פֿאָלגן. ער האָט געשיקט אַ מענטשן צו דערגיין וואָס עס מאַכט דער קיניגלעכער סעקרעטאַר. האָט מען אים איבערגעגעבן: ער איז זייער שוואַך; ער האָט אַזוי פֿיל בלוט פֿאַרלאָרן, אַז זײַן לעבן איז געווען אין געפֿאַר, און ער האָט נאָר איין פֿאַרלאַנג — צו זען דעם האַר!

אין מיטן נאַכט איז דוד הראובֿני אַוועק באַזוכן דעם קראַנקן שלמה מולכו. ווען דער יונגער ייִד האָט אים דערזען, האָט זײַן פּנים זיך צעשטראַלט. ער האָט געוואָלט זיך אַ ביסל אַ הייב טאָן פֿון זײַן געלעגער, אָבער ער האָט ניט געהאַט קיין

אַנוסים — (לייען: אַנוסים), מערצאָל פֿון אָנוס; געצוואונגענע; ייִדן וואָס זײַנען געווען געצוואונגען אָנצונעמען דעם קריסטלעכן גלויבן און אין געהיים זײַנען זיי געבליבן ייִדן; דער ייִדישער נאָמען פֿאַר מאַראַנען.



אין מיטן נאַכט איז דוד הראובני געקומען באַזוכן דעם קראַנקן שלמה מולכו

כּוחות דערצו. אַ גליקלעכער שמייכל האָט געשוועבט איבערן פּנים. ווען דוד הראובני האָט זיך געזעצט לעבן אים און אָנגענומען די האַנט זײַנע, האָט ער שטיל און קלאָר געזאָגט:

— „איך האָב ניט געקענט בלײַבן אַ גרויע טויב. מיט מײַן בלוט האָב איך זיך געריייניקט פֿון די זינד אין מײַנע יונגע יאָרן. איצט בין איך אַ ווײַסע טויב. איצט קען איך זײַן אַ כּשרער קרבן צו גאָט!"

דער נאַכטיקער באַזוכער האָט געשוויגן אַ לאַנגע צײַט און נאָך דעם שטיל אַרויסגערעדט:

— „שלמה, מײַן זון שלמה, גאָט וויל ניט מיר זאָלן שטאַרבן. ער וויל מיר זאָלן לעבן!"

— „אויב מע וויל לעבן ווי מע וויל — דאַרף מען שטענדיק זײַן גרייט צו שטאַרבן!" — האָט שלמה מולכו געענטפֿערט. ס'איז ווידער געווען שטיל אַ לאַנגע צײַט.

— „ווער איז דער מענטש בײַ וועמען דו האָסט גענומען אָט דאָס דאַכקעמערל?" — האָט דוד הראובֿני געפֿרעגט — „וועט ער ניט פֿאַרמסרן דיך פֿאַרן קיניג?"

— „ער איז אַליין אַ מאַראַן און פֿון זײַן קעלער קען מען קומען צו דער אונטערערדישער שול פֿון די אנוסים אין סאַנטאַרעם. ער וועט ניט אַרויסגעבן. און אויב יאָ, איז עס פֿון גאָט. עס הייסט אַז דער קרבן ווערט אָנגענומען".

דוד הראובֿני האָט פֿאַרלאָזן זײַן יונגן פֿרײַנד. ער האָט געשיקט איינעם פֿון די באַדינערס ער זאָל אויפֿפּאַסן אויפֿן קראַנקן. אַליין איז ער אָבער געווען זייער פֿאַרזאָרגט, ווײַל דאָס הארץ האָט אים געזאָגט אַז קיין גוטס וועט דערפֿון ניט אַרויסקומען.

דער קיניגלעכער סעקרעטאַר איז אַ ריי טעג ניט געקומען אין קיניגס הויף. און עס איז אַרויס אַ באַפֿעל אים צו זוכן, און

עס האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג אַז ער איז געוואָרן אַ ייִד און אַז דער ייִדישער אַמבאַסאַדאָר האָט אים געהאָלפן אין דעם. דער קיניג וואָס האָט זייער האָלט געהאַט דעם ליבן און פעיִקן סעקרעטאַר זײַנעם האָט איצט געשיקט רופן צו זיך דוד הראובֿני.

— „איך האָב געהערט אַז דו האָסט געהאָלפן מײַן סעקרעטאַר דיִאָגאָ פּירעס ווערן אַ ייִד. איז דאָס אמת?" — האָט דער קיניג געפרעגט אין גרוים אויפרעגונג.

— „עס איז ניט אמת", — האָט דער ייִדישער אַמבאַסאַדאָר געענטפערט — „ווידער האָט דער קיניג געניייגט זײַן אויער צו די ליגנערס און מוסרים".

— „אָבער ער איז פאַרשוווּנדן געוואָרן! ווו איז ער? ווו באַהאַלט איר אים?"

— „איך בין ניט געקומען היטן די סעקרעטאַרן פון דעם קיניג פון פאָרטוגאַל" — האָט דוד הראובֿני געזאָגט — „און איך גנבֿע ניט קיין מענטשן!"

— „יאָ, אָבער אויב דער אַמבאַסאַדאָר וואָלט ניט געווען אין מײַן לאַנד" — האָט דער קיניג זשואַן געזאָגט — „וואָלט מײַן סעקרעטאַר געבליבן מײַנער אַ געטרײַער מענטש און די מאַראַנען וואָלטן געווען אַזוי שרעקעדיק און שטיל ווי פריִער. עס וואָלטן ניט געווען קיין אויפשטאַנדן און קיין אומרויִקע געמיטער אין לאַנד!"

— „איך בין ניט געקומען צו זיצן דאָ, איך בין געקומען שליסן אַן אָפּמאַך מיטן קיניג. זאָל דער קיניג זאָגן זײַן לעצט וואָרט. אויב דאָס האַרץ פון דעם קיניג האָט חרטה, זאָל ער מיר זאָגן, און איך וועל גיין צוריק צום פּויפּסט און צוריק צו מײַן ברודער, דעם קיניג יוסף".

זשואַן דער דריטער האָט אויף דעם ניט געענטפערט. אַנשטאָט צו ריידן קלאָרע רייד, האָט ער ווידער געפרעגט:

— „איך האָב געהערט אַז דו האָסט געקויפט אַ דינסט און זי באַקערט צו דעם ייִדישן גלויבן! איז דאָס אמת?"

— „אַזוי איז עס, ווי דער קיניג האָט געזאָגט" — האָט דער אַמבאַסאַדאָר צוגעגעבן — „איך האָב געקויפט אַ דינסט, אַן אַראַבערקע, ווײַל די דינערס מײַנע האָבן געבעטן, איך זאָל קריגן פֿאַר זיי אַ דינסט צו וואַשן די כּלים און די וועש און צו טאָן אַנדערע אַרבעטן וואָס פֿרויען זײַנען אין דעם מער געניט ווי מע־נער. זי איז ניט געווען קיין קריסטין. איך האָב געוואָלט אַז זי זאָל אָפּהיטן אַלע דינים וואָס מע דאַרף אָפּהיטן אין אַ הויז פֿון אַ ייִדן. איך וויל אויך זי זאָל זיך גוט אויפֿפֿירן בײַ מיר. האָב איך גערעדט צו איר וועגן ייִדישן גלויבן. האָט זי געזאָגט אַז זי וויל ווערן אַ ייִדישע. און זי איז געוואָרן אַ ייִדישע. נו, האָב איך דאָ געזינדיקט קעגן דעם קיניג?"

— „דו האָסט געטאָן אַ גוטע זאַך" — האָט דער קיניג גענומען דערציילן — „די אַראַבער האָבן געליטן זייער אַ סך פֿון פּעסט און פֿון גרויסן הונגער; האָבן אַ סך אַראַבער פֿאַר־קויפֿט זייערע זין און טעכטער אין אונדזער מלוכה צו דערהאַלטן זייער לעבן. דער הונגער בײַ די אַראַבער דויערט שוין אַכט יאָר, און די עפּידעמיע איז שוין באַלד אַ יאָר".

און דער קיניג האָט נאָך דערציילט וועגן דעם הונגער און דער פּעסט, ביז ער האָט געזאָגט:

— „גיי בשלום, און ווען עס וועט זײַן מײַן באַשלוס וועגן דײַן זאַך, וועל איך דיך רופֿן!"

אָבער דוד הראובֿני האָט געזען אַז מע קוקט אים נאָך און אַז די געשיכטע מיטן קיניגלעכן סעקרעטאַר האָט ערגער גע־מאַכט זײַן לאַגע.

אין עטלעכע טעג אַרום נאָך אַט דעם שמועס מיטן קיניג איז שלמה מולכו געקומען צום אַמבאַסאַדאָר. יענער האָט אים באַגעגנט מיט גרויס כּעס:

— „וואָס קומסטו צו מיר? ווייסטו דען ניט אַז דעם קיניגס מענטשן אָדער דאָן מיגועלס מענטשן היטן מיך און קוקן נאָך ווער עס קומט אַרײַן צו מיר און ווער עס גייט אַרויס פֿון מיר? פֿאַר וואָס ווילסטו שטעלן מיך אין סכּנה? פֿאַר וואָס ווילסטו אַז מײַן שליחות זאָל זיך ניט אײַנגעבן איבער דיר?"

— „זאָל זיך מײַן האַר ניט בייזערן אויף מיר!" — האָט שלמה מולכו אונטערטעניק געענטפֿערט — „מײַן האַר ווייסט דאָס האַרץ פֿון זײַן קנעכט, אַז עס איז גאַנץ מיט דיר. זאָג מיר וואָס איך זאָל איצט טאָן, און דײַן יעדער וואָרט וועט זײַן אַ באַפֿעל פֿאַר דײַן קנעכט!"

— „דו מוזסט אַוועק פֿון דאַנעט!"

— „איך וויל זײַן פֿאַר די אויגן פֿון מײַן האַר..."

— „דו מוזסט אַוועק פֿון דאַנעט! און שוין! דו טאָרסט ניט בלײַבן דאָ, אין דעם לאַנד! מע זוכט דיך און דו טאָרסט ניט אַרײַנפֿאַלן אין זייערע הענט! דו פֿאָר ווײַט אַוועק, דו דאַרפֿסט קומען אין אַדריאַנאָפּל, אין סאַלאָניק. דו זאָלסט זײַן אין צפֿת, אין ארץ־ישׂראל, דאָרטן איז דײַן אָרט, ניט דאָ!"

— „אומעטום ווו דער האַר ווײַזט אָן, וועל איך זײַן. איך גיי שוין. אָבער בענטש מיך, געטלעכער מאַן!"

— „איך זאָג דיר צום לעצטן מאָל: איך בין ניט קיין געט־לעכער מאַן, איך בין ניט קיין חכם און ניט קיין געלערנטער, און אַוודאי בין איך ניט קיין נבֿיא און ניט קיין געשיקטער פֿון אַ נבֿיא. איך בין אַ זינדיקער מענטש. איך קען ניט בענטשן און מײַן ברכה האָט ניט קיין ווערט".

— „און איך האָב געמיינט, אַז איצט, ווען איך בין שוין אַ ייִד, וועט דער האַר ריידן צו מיר אַנדערע רייד און ער וועט

צפֿת — (לייען: צפֿאַס), אַ שטאָט אין ארץ־ישׂראל וואָס איז באַרימט ווי אַ צענטער פֿון קבלה.

קבלה — (לייען: קאַבאָלע) די ייִדישע מיסטיק, די לערע וועגן די סודות פֿון דער וועלט און פֿון דער תּורה.

ניט האָבן קיין סודות פֿון זײַן קנעכט..." — און שלמה מולכו האָט געוואָלט קושן דוד הראובֿנים האַנט.

דער קריגסמאַן פֿון מדבר חבֿור האָט עס ניט דערלאָזן און אַוועקגעשיקט מיט בייזקייט דעם יונגן ייִד. שלמה מולכו איז אַוועק.

קיינער האָט ניט געוווּסט וווּ ער איז אַהינגעקומען.

## דער ראָב און די טויב

דוד הראובֿני האָט געפֿילט אַן אומרויִקייט אין האַרצן. האָט ער זיך געזעצט אויפֿן פֿערד רײַטן. מיט אים האָבן מיטגעריטן צוויי אַנוסים. און זיי האָבן זיך געלאָזט רײַטן ווײַט אויסערן שטאָט, איבער פֿעלדער און וועלדער. ערשט ווען די זון האָט זיך שוין געהאַט געזעצט, איז דער ייִדישער אַמבאַסאַדאָר געקומען צוריק אין שטאָט. האָט ער געפֿונען דרײַ הויפֿלײַט וואָס האָבן שוין אַ גאַנצן טאָג געוואַרט אויף אים. זיי האָבן אים געזאָגט:

— „דער קיניג האָט גערופֿן דעם האַר!"

— „הײַנט קען איך שוין ניט קומען" — האָט דוד הראובֿני זיי געענטפֿערט — „קומט מאָרגן פֿרי און איך וועל מיטגיין מיט אײַך צום קיניג".

און ווי אַלע מאָל, ווען דער קיניג האָט געשיקט נאָך אים, האָט ער אויף מאָרגן געהייסן זײַנע קנעכט, זיי זאָלן באַגלייטן דעם ייִדישן אַמבאַסאַדאָר און אים היטן. און דוד הראובֿני איז געקומען צום קיניג. ער איז געווען אָנגעטאָן אין זײַן בעסטן בגד און אַ דינער האָט מיטגעטראָגן די פֿאָן מיט די אותיות מ כ ב י.

און דער קיניג האָט גערעדט צו אים:

— „איך האָב איצט אַ סך געשעפֿטן אויסצופֿירן, קען איך איצט ניט שיקן די שיפֿן מיט דיר קיין מזרח. איך קען עס ניט

ראָב — raven.

טאָן ניט היי־יאָר, ניט דאָס קומעדיקע יאָר. מיינע שיפֿן און מיינע מענטשן דאַרף איך האָבן דאָ אין מערבֿ. אויך פֿייער־געווער קען איך ניט געבן; איך מוז אויך האַלטן פֿאַר זיך די מייסטערס וואָס זיינען געניט אין מאַכן פֿייער־געווער. גיי בשלום צוריק אין דיין לאַנד, פֿון וואַנעט דו ביסט געקומען. איך וועל דיך בענטשן אַלע יאָרן פֿון מיין לעבן וואָס דו ביסט געקומען צו מיר און געוואָלט מיר העלפֿן. אָבער איך קאָן דיר ניט געבן ניט קיין שיפֿן, ניט קיין מענטשן".

— „איך האָב פֿאַרשטאַנען אַז דער קיניג האָט יאָ געוואָלט מיר געבן שיפֿן און מענטשן!" — האָט דוד הראובֿני גערעדט שטיל, אָבער מיט אַ ציטער אין דער שטים — „פֿאַר וואָס האָט דער קיניג געביטן זיין מיינונג? האָט דען דער קיניג אַן אַנדערן געגעבן שיפֿן און מענטשן און ער האָט זיי ניט מער?"

— „מיינע שיפֿן און מיינע מענטשן דאַרף איך דאָ, אין מערבֿ. אויב דו ווילסט, גיי צום קייסער. ער איז שטאַרק און מעכטיק און ער קען דיר געבן הילף. אפֿשר ווילסטו גיין קיין פֿעץ, פֿון וואַנעט עס זיינען געקומען צו דיר שלוחים? קלייב זיך אויס וואָס דו ווילסט. איך וועל דיר העלפֿן אין דיין וועג צוריק".

דוד הראובֿני האָט זיך באַטראַכט און האָט געזאָגט:

— „איך רעכן ניט צו גיין צום קייסער און ניט קיין פֿעץ; איך וויל פֿאָרן קיין רוים, צום פּויפּסט".

האָט דער קיניג געזאָגט:

— „באַטראַכט די זאַך אין משך פֿון אַכט טעג, און נאָך דעם ווען דו וועסט ענטפֿערן, וווהין דו וועסט פֿאָרן. און צוויי חדשים צייט גיב איך דיר צו פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד. און אויב דו דאַרפֿסט עפּעס האָבן, אַ קליינע זאַך אָדער אַ גרויסע זאַך, וואָס איז דיר נייטיק צו דער נסיעה, זאָג עס מיר — און איך וועל דיר געבן!"

ווען די זאַך איז באַוווסט געוואָרן, זיינען אַלע אנוסים טרויעריק געוואָרן. זיי האָבן געוויינט און געפֿאַסט. עס זיינען געקומען יונגע אנוסים צו דוד הראובֿני און געזאָגט:

אין משך — (לייען: אין מעשעך) אין פֿאַרלויף.

זיי האָבן געוועט; זיי וועלן דינגען אַ שיף און געהיים פֿאַר־לאָזן דאָס לאַנד אין איינעם מיט אים, כּדי ער זאָל זיי פֿירן קעגן דעם טערקישן סולטאַן.

אָבער דער ייִדישער אַמבאַסאַדאָר האָט דאָס ניט דערלאָזט. פֿון אַ סך שטעט איז מען געקומען זיך געזעגענען מיט אים. זײַן הויז איז שטענדיק געווען פֿול מיט אַנוסים. זיי האָבן גע־געסן בײַ זײַן טיש, זיי האָבן אים געקושט די האַנט און געבעטן, ער זאָל זיי ניט פֿאַרגעסן און שפּעטער קומען מיט שיפֿן און מיט אַ סך מענטשן זיי אַרויסראַטעווען פֿון די הענט פֿון די קריסטן.

דוד הראובֿני איז געגאַנגען זיך געזעגענען מיט דער קיניגין. האָט זי געזאָגט צו אים:

— „איך ווייס זיכער אַז דער קיניג האָט געוואָלט דיר אײַנאָרדענען די שיפֿן פֿול מיט פֿײַער־וואַרפֿערס און מיט מענטשן, געלערנטע צו מלחמה. אָבער דער קיניג האָט דער־הערט אַז דו האָסט דעם סעקרעטאַר צוריק געמאַכט פֿאַר אַ ייִדן, אַז דו האַלטסט זיך עצות מיט די מאַראַנען קעגן דעם קיניג, און אַלע הויפֿלײַט האָבן גערעדט צום קיניג, אַז ער זאָל דיר קיין זאַך ניט געבן, אַז דו ביסט אַ געפֿאַר פֿאַר דער מלוכה".

דער ייִדישער אַמבאַסאַדאָר האָט גערעדט גוטע רייד צו דער קיניגין, וואָס איז געווען זייער טרויעריק, ווײַל דאָס קינד, וואָס זי האָט געבאָרן מיט אַ קורצער צײַט צוריק איז געווען זייער קראַנק. און ער האָט זי געטרייסט. נאָך דעם איז דוד הראובֿני אַוועק צום קיניג.

— „וואָס האָסטו באַשלאָסן צו טאָן?" — האָט דער קיניג געפֿרעגט.

— „איך וויל זיך אומקערן צוריק קיין רוים, צום פּויפּסט" — האָט דער אַמבאַסאַדאָר געזאָגט — „און זאָל דער קיניג אָנשרײַבן בריוו פֿאַר מיר. זאָלן די בריוו זײַן עדות צווישן מיר און צווישן דעם קיניג פֿאַר מײַן ברודער, דעם קיניג יוסף, אַז איך בין אָנגע־קומען אין דײַן מלוכה און אַז דיר איז געפֿעלן מײַן פּלאַן, נאָר

אַז דו האָסט איצט ניט קיין שיפֿן מיר צו געבן. און אויך זיכער־בריוו פֿון קיניג פֿאַר מיר און מײַנע באַדינערס זאָל דער קיניג מיר געבן, קיין בייז זאָל מיך ניט טרעפֿן אויפֿן וועג״.

— „איך וועל טאָן אַלץ ווי דו האָסט געזאָגט״ — איז געווען דעם קיניגס ענטפֿער. און דוד הראובֿני האָט זיך געזעגנט מיטן קיניג און מיט זײַנע הויפֿלײַט.

ווען ער איז געווען בײַ זיך, האָט ער געקראָגן אַ באַפֿעל פֿון קיניג, ער זאָל ווידער קומען צו אים, אָבער געהיים, אַז מע זאָל עס ניט וויסן. ער זאָל נאָר מיטנעמען דעם טאָלמעטשער און קומען אין אָוונט.

ווען מען האָט דוד הראובֿני אַרײַנגעפֿירט צום קיניג, האָט ער אים געפֿונען נאָר מיט זײַן ברודער דעם קאַרדינאַל און מיט דער קיניגין. און אַלע דרײַ האָבן צו אים גערעדט גוטע רייד, אַז ער איז אַ העלדישער און אַ קלוגער מענטש און אַז עס פֿאַרדריסט זיי וואָס ער פֿאַרלאָזט דאָס לאַנד. נאָך דעם האָט דער קיניג געזאָגט, אַז דער פּויפּסט קען איצט ניט העלפֿן דעם יִדישן אַמבאַסאַדאָר און אַז ער דאַרף ניט פֿאָרן צוריק אַהיים, אין דעם ווײַטן מדבר חבֿור. דוד הראובֿני האָט געשוויגן און געוואַרט וואָס זיי ווילן אים אייגנטלעך זאָגן. ביז דער קאַרדינאַל האָט אַ זאָג געטאָן:

— „נעם אָן דעם קריסטלעכן גלויבן און בלײַב דאָ!״

און דער קיניג האָט גלײַך צוגעגעבן:

— „אויב דו נעמסט אָן מײַן גלויבן, מאַך איך דיך פֿאַר אַ האַר בײַ מיר, דו וועסט ווערן מײַנער אַ קריגסהאַר. בלײַב בײַ מיר!״

דערויף האָט דוד הראובֿני געענטפֿערט:

— „איר ווייסט דאָך וועגן דער טויב און דעם ראָב וואָס נח האָט אַרויסגעשיקט פֿון דער תּיבֿה. די טויב האָט זיך צוריקגעקערט. ווילט איר, איך זאָל זײַן ווי דער ראָב וואָס האָט זיך ניט אומגעקערט צוריק? פּאַסט דאָס פֿאַר קיניגן? איך בין אַ

קיניגס אַ זון, איך שטאַם פֿון אַ לאַנגער קייט דורות פֿון קיניגן, פֿון דוד דעם זון פֿון ישי! מײַנע אָבֿות האָבן אַזאַ זאַך ניט געטאָן. ווי מיינט איר, בין איך געקומען אַזוי ווײַט פֿון מזרח קיין מערבֿ צו טאָן אַזאַ זאַך? חלילה! אויב איך וויל אַ גוטן נאָמען, ווײַל איך אים פֿאַר דער מצווה, וואָס צוליב איר בין איך געקומען. ווי קען דאָס גאָר דאָס האַרץ אײַך דערלויבן צו ריידן צו מיר אַזעלכע רייד?"

און צום קאַרדינאַל האָט דוד הראובֿני זיך געווענדט:

— „איך זאָג דיר: נעם דו אָן מײַן גלויבן — ווילסטו?"

— „ניין!" — האָט געענטפֿערט דער קאַרדינאַל.

— „בעסער איז אַז איך זאָל בלײַבן בײַ מײַן גלויבן און דו בײַ דײַן גלויבן, ווײַל יעטווידער זאָגט אַז זײַן גלויבן איז דער אמתער!"

נאָך דעם האָבן זיי אַלע גערעדט גוטע רייד צום אַמבאַסאַדאָר. צום סוף האָט די קיניגין געפֿרעגט:

— „וואָס ווילסטו טאָן מיט די אויסטערלישע פֿאָנען וואָס דו האָסט?"

— „זיי זײַנען אַלטע פֿאָנען פֿון אונדזערע שבֿטים. ווען איך וועל גיין אויף מלחמה, וועל איך זיי אַרויסטראָגן פֿאַרויס פֿאַר מײַנע מענטשן".

דער קיניג האָט געזאָגט אַז ער וואָלט געוואָלט האָבן כאָטש איין פֿאָן פֿון אָט די פֿאָנען, און ער האָט געזאָגט אַז ער וואָלט עס געקויפֿט אָדער מיט פֿרייד אָנגענומען ווי אַ מתנה. נאָר דער ייִד פֿון מדבר חבֿור האָט געענטפֿערט, אַז פֿאַר קיין שום געלט קען ער ניט פֿאַרקויפֿן אַ פֿאָן, און אַז ער האָט שוין באַשטימט אַ שיינע מתנה פֿאַרן קיניג, וואָס ער וועט זי אים שיקן פֿון דער גרענעצשטאָט, איידער ער וועט פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד.

דוד הראובֿני האָט געבעטן, מע זאָל איבערשרײַבן אויף פּאַרמעט די פּאַפּירן וואָס דער קיניג האָט אים געגעבן. דער קיניג האָט געטאָן זײַן פֿאַרלאַנג. און זיי האָבן זיך געזעגנט אין פֿרידן.

# די לאַנגע נסיעה קיין רוים

דער וועג ביז טאַווירא, ווו דער אַמבאַסאַדאָר האָט געזאָלט זיך זעצן אויף אַ שיף, איז געווען זייער אַ שווערער. אומע־טום האָבן אים באַגעגנט טרויעריקע מאַראַנען. זיי האָבן גערעכנט, אַז ווי נאָר דער ייִדישער אַמבאַסאַדאָר פֿאַרלאָזט דאָס לאַנד, וועט מען איינפֿירן די אינקוויזיציע קעגן זיי. אַנדערע ווידער האָבן געטענהט אַז דוד הראובֿני האָט זיי אָפּגענאַרט. מען האָט אַפֿילו געוואָרפֿן שטיינער אויף אים און אויף זיינע מענטשן. אָבער די מאַראַנען זיינען אין גרעסטן טייל אים געווען זייער געטריי. זיי האָבן געקושט אים די האַנט און אָפּגעגעבן גרוים כּבֿוד.

נאָר די ריכטערס און די האַרן פֿון די שטעט וואָס מען איז פֿאַרבייגעפֿאָרן האָבן ניט געפֿאָלגט דעם קיניגס באַפֿעל און זיי זיינען געווען שלעכט צום ייִדישן אַמבאַסאַדאָר און האָבן אים געשטערט אין וואָס זיי האָבן נאָר געקאָנט. אויפֿן וועג צווישן עוואָראַ און בעשאַ זיינען גזלנים באַפֿאַלן עטלעכע דינערס פֿון דוד הראובֿני, וואָס זיי האָבן געריטן באַזונדער, און האָבן צוגע־רויבט אַ גרויסן טייל פֿון דעם אַמבאַסאַדאָרס זאַכן.

דוד הראובֿני האָט די געטרייע נשמות צווישן די מאַראַנען געוויזן זיינע פּלאַנען. ער האָט זיי געטרייסט און געזאָגט, אַז ירושלים וועט אין גיכן באַפֿרייט ווערן. זיי האָבן געגלייבט און מיט תּפֿילות אים אַרויסבאַגלייט. אָבער אַ טייל פֿון די פֿריִערדיקע אָנהענגערס זיינע האָבן אויפֿגעהערט צו גלייבן אין אים. זיי האָבן געהאַלטן אַז די שליחות איז דורכגעפֿאַלן. האָבן זיי ניט געפֿאָלגט מער וואָס ער האָט זיי געזאָגט און האָבן פֿאַרשאַפֿט אַ סך צער דעם קריגסהאַר.

ווען מען איז אָנגעקומען אין טאַווירא, ווו עס האָט געזאָלט זיין אַ שיף פֿון דעם קיניג, וואָס האָט געזאָלט פֿירן דעם אַמ־באַסאַדאָר קיין איטאַליע, האָט זיך אַרויסגעשטעלט אַז אַזאַ

תּפֿילות — (לייען: טפֿילעס), מערצאָל פֿון תּפֿילה. prayer.

שיף איז ניטאָ. פֿון דאָרט האָט דוד הראובֿני געשיקט דעם קיניג א טײַערע מתנה, א זייער גוט פֿערד. צוזאַמען מיט דעם האָט דער האַר געשיקט אַ בריוו און אַנגעוויזן אַז עס איז גאָר ניטאָ קיין שיף צו פֿאָרן קיין איטאַליע און אַז די ריכטערס פֿון דער שטאָט טאַווירא זײַנען שלעכט צו אים און שטערן אים אין וואָס זיי קענען נאָר. אָבער דער דינער וואָס האָט אָוועקגעפֿירט דאָס פֿערד איז ניט צוריקגעקומען. דוד הראובֿני האָט ניט געוווּסט, וואָס עס איז מיט אים געוואָרן. דערווײַל האָט דער ריכטער פֿון טאַווירא אים געזאָגט:

— „לאָזט ניט אַרײַן צו זיך אין שטוב די מאַראַנען. זיי ווילן צוריק ווערן ייִדן!“

האָט דוד הראובֿני אים געענטפֿערט:

— „איך בעט זיי ניט, זיי זאָלן זײַן לעבן מיר. איך קאָן אָבער ניט טרײַבן מענטשן פֿון מײַן שטוב“.

אין א פּאָר טעג אַרום איז דער זעלביקער ריכטער געקומען און געזאָגט:

— „עס איז דאָ אַ באַפֿעל פֿון קיניג, אַז דער אַמבאַסאַדאָר זאָל גלײַך פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד, ווײַל עס איז שוין פֿאַרבײַ די צײַט, ווען ער מעג זיך אויפֿהאַלטן אין פּאָרטוגאַל. זאָל ער זיך דינגען אַ שיף און אָוועקפֿאָרן“.

— „גיב מיר דעם דאָקומענט!“ — האָט דוד הראובֿני גע־הייסן.

— „גלייבט מײַנע רייד, אַז איך טו ניט קיין שום זאַך פֿון אייגענעם ווילן!“ — האָט יענער געענטפֿערט, אָבער ער האָט קיין שום דאָקומענטן ניט געוויזן, און ער האָט געשטעלט היטערס אַרום דעם אַמבאַסאַדאָר. דער זעלביקער ריכטער האָט אויך צוגענומען אַ שוואַרצן קנעכט פֿון אים, ווײַל דער קנעכט האָט געזאָגט אַז ער איז אַ קריסט, און קיין קריסטלעכן קנעכט טאָר מען נאָך די געזעצן פֿון לאַנד ניט אַרויספֿירן.

אויף מאָרגן אין דער פֿרי האָט דער ריכטער געשיקט אַ

פֿערד און פֿינף מוילאייזלען אָפּצופֿירן דעם אַמבאַסאַדאָר צו דער שיף. אָבער דאָס פֿערד איז געווען זייער שלעכט און דער אַמ־באַסאַדאָר האָט זיך אָפּגעזאָגט צו ריַיטן אויף אַזאַ פֿערד. ער איז בעסער געגאַנגען צו פֿוס. ווי נאָר דער ריכטער האָט זיך דערוווּסט פֿון דעם, האָט ער געשיקט זיַין אייגן פֿערד, און ער האָט באַגלייט דעם אַמבאַסאַדאָר אויף אַ מוילאייזל.

אָבער קיין שיף האָט מען אין טאַוויראַ ניט געקענט קריגן, איז מען געפֿאָרן ביז לאַגאָ, וואָס איז ניט וויַיט פֿון טאַוויראַ. דער וועג איז געווען זייער שווער, וויַיל עס האָט געגאָסן אַ שלאַקסרעגן, און דוד הראובֿני האָט ניט געוואָלט בעטן בייַם ריכטער וואָס האָט זיי באַגלייט אַ דערלויבעניש זיך אָפּצושטעלן און איבערוואַרטן דעם רעגן. איז מען אַזוי געפֿאָרן אַ גאַנצן טאָג, און ווען מען איז אָנגעקומען קיין לאַגאָ זיַינען די מענטשן און די זאַכן געווען אויסגעווייקט פֿון רעגן.

צום סוף איז שוין געווען אַ שיף. פֿאַר צוויי הונדערט דוקאַטן האָט דער שיפֿסקאַפּיטאַן צוגעזאָגט אָפּצופֿירן דוד הראובֿני און זיַינע זאַכן מיט זיַינע עטלעכע מענטשן ביז אי־טאַליע. אָבער די מאַראַנען האָבן געזאָגט אַז די שיף טויג ניט און אַז דער שיפֿסקאַפּיטאַן איז ניט קיין ערלעכער מענטש. נאָר דוד הראובֿני האָט ניט געקענט אויסקליַיבן. ער איז בלויז געווען נאָך עטלעכע טעג אין לאַגאָ, ביז מען האָט פֿאַרריכט פֿאַר אים אַ צימערל אויפֿן שיף.

אַלע זאַכן זיַינען שוין געווען אויפֿן שיף. אויפֿן ברעג האָבן זיך צונויפֿגעקליבן אַ פּאָר הונדערט אַנוסים פֿון לאַגאָ, פֿון טאַווירא, פֿון דערפֿער און פֿון שטעט אַרום. זיי האָבן אַלע געוויינט און הויך געשריִען. זיי האָבן געבעטן אַז דוד הראובֿני זאָל זיי וויַיזן די פֿאָנען זיַינע און ער זאָל זיי בענטשן. האָט ער זיי געוויזן די פֿאָנען און זיי האָבן זיך געפֿרייט מיט דעם.

ווען מען האָט שוין גענדאַרפֿט אָוועקפֿאָרן, איז אויפֿן שיף אַרויף דער ריכטער פֿון טאַווירא מיט עטלעכע מענטשן און

מוילאייזל — mule.

געזאָגט אַז ער מוז דורכזוכן אַלע זאַכן פֿון דעם אַפּאַרנדיקן, טאָמער האָט זיך דאָרטן באַהאַלטן אַ מאַראַן. און זיי האָבן גע־זוכט. זיי האָבן קיין מאַראַן ניט געפֿונען, נאָר מען האָט דערביַי צוגענגבֿעט אַ פּאָר טיַיערע זאַכן.

דריַי טעג האָט די שיף געהאַט אַ גוטן ווינט, אָבער נאָך דעם האָט זיך דער ווינט געביטן. עס איז געוואָרן אַ שטורעם אויפֿן ים. די שיף האָט געמוזט צוקומען צום ברעג. איז זי גע־קומען אין האַפֿן פֿון אַלמעריאַ, אין שפּאַניע. דעם גאַנצן שבתדיקן טאָג האָט קיינער ניט געשטערט דוד הראובֿני, אָבער אויף מאָרגן, ווען די שיף האָט נאָך אַלץ ניט געקענט פֿאַרלאָזן דעם האַפֿן, איז אַרויף אויפֿן שיף דער ריכטער פֿון אַלמעריאַ. ער איז געקומען אַרעסטירן דוד הראובֿני און זיַינע מענטשן, וויַיל עס איז פֿאַראַן אַזאַ געזעץ אין שפּאַניע: יעדער ייִד וואָס קומט אין לאַנד נאָך דעם ווי מען האָט פֿאַרטריבן אַלע ייִדן פֿון שפּאַניע (אין 1492) — זאָל אַרעסטירט ווערן.

עס האָבן ניט געהאָלפֿן די פּאַפּירן פֿון פּויפּסט, די דאָקו־מענטן פֿון דעם קיניג זשואַן דעם דריטן. מען האָט דוד הראובֿני און זיַין אַלטן דינער שלמה הכהן אַראָפּגענומען פֿון שיף. די איבעריקע האָט זיך איַינגעגעבן זיך צו באַהאַלטן. דוד הראובֿני האָט זיי מער ניט געזען. קען זיַין אַז זיי האָבן זיך געראַטעוועט אויף אַן אַנדער שיף און אַוועק אָדער קיַין איטאַליע, אָדער ערגעץ קיַין אַפֿריקע.

דער שיפֿסקאַפּיטאַן האָט דערוויַיל געוואָלט אַוועקפֿאָרן. האָט דוד הראובֿני געבעטן, מע זאָל אים איבער גוואַלד פֿאַר־האַלטן. האָט מען דאָס געטאָן. אויפֿן צווייטן טאָג האָט מען געשיקט אַ שליח צום קייסער קאַרל אַנצופֿרעגן, וואָס מע זאָל טאָן מיטן פֿאַרהאַלטענעם אַמבאַסאַדאָר. דוד הראובֿני האָט אָנ־געשריבן מיטן שליח אַ בריוו צום קייסער און אויך צו דער קייסערין, דער שוועסטער פֿון זשואַן דעם דריטן. דער קייסער איז געווען אין גרענאַדע און עס איז אויסגעקומען צו וואַרטן. דערוויַיל איז דוד הראובֿני געווען אַרעסטירט.

צוועלף טעג איז אויסגעקומען צו וואַרטן אויפֿן ענטפֿער פֿון קייסער. איין מאָל, ווען עס איז געווען אַ גוטער ווינט, זײַנען די מענטשן אויפֿן שיף אַוועקגעפֿאָרן און איבערגעלאָזן דעם שיפֿסקאַפּיטאַן מיט דוד הראובֿני, מיט אַלע זײַנע זאַכן. האָט מען דעם קאַפּיטאַן איצט געשמידט אין קייטן. אָבער ווען עס איז אָנגעקומען פֿון קייסער די דערלויבעניש פֿאַר דוד הראובֿני פֿראַנק און פֿרײַ צו פֿאָרן איבער זײַן גאַנצער מדינה, איז שוין ניט געווען קיין שיף. האָט מען געקויפֿט מוילאייזלען און זיך געלאָזט פֿאָרן: דוד הראובֿני, זיין איינציקער באַדינער דער אַלטער שלמה הכּהן און דער שיפֿסקאַפּיטאַן, וואָס אַ שומר האָט אים די גאַנצע צײַט געהיט. אַזוי איז מען געקומען אין דער שטאָט קאַרטאַגענאַ.

דאָרטן איז געווען אַ פֿאָרשטייער פֿון דער אינקוויזיציע און ער האָט ניט געקוקט אויף דעם באַפֿעל פֿון קייסער און אויף זײַן בריוו. מען האָט אַרעסטירט דוד הראובֿני. דעם שיפֿסקאַ-פּיטאַן האָט מען געלאָזט פֿרײַ אַוועקפֿאָרן. מען האָט דוד הראובֿני געהאַלטן אין אַ שטוב, וואָס מען האָט זי טאָג און נאַכט באַ-וואַכט. דאָס איז ניט געווען קיין תּפֿיסה. שלמה הכּהן האָט געקענט גיין קויפֿן זאַכן צום עסן. דוד הראובֿני האָט געקענט טאָן וואָס ער וויל: שרײַבן, לייענען, ריידן מיט די היטערס דורך אַ טאָלמעטשער. און די היטערס זײַנען געווען גוט צו אים. מער ווי דרײַ חדשים איז דוד הראובֿני דאָרט געווען. ביז ער האָט דאָך געקענט אַרויסראַטעווען זיך פֿון דעם אינקוויזיטאָר, וואָס האָט סוף-כּל-סוף געמוזט פֿאָלגן דעם קייסער.

די מאַראַנען פֿון קאַרטאַגענאַ און פֿון די דערבײַיִקע שטעט האָבן זיך דערוווּסט וועגן דעם געפֿאַנגענעם. מען האָט אונטער-געקויפֿט די וועכטערס, און מע פֿלעגט קומען צו אים בײַ נאַכט, אים קושן די הענט, זיך פֿרייען מיט אים, וויינען איבער זײַן גורל און איבער זייער אייגענעם גורל. ביז דוד הראובֿני האָט

תפיסה — (לייען: טפיסע), prison, jail.
גורל — (לייען: גוירל) fate.

זיך אײַנגעבעטן אַז זיי זאָלן ניט קומען צו אים און אויך ניט שיקן קיין מתּנות, כּדי אים אין גאַנצן ניט איבערצוגעבן אין די הענט פֿון דער אינקוויזיציע.

ווען דוד הראובֿני איז ווידער געווען פֿרײַ, האָט ער שוין כּמעט קיין געלט ניט געהאַט. זײַנע זאַכן האָט ער אויך שוין צום גרויסן טייל געהאַט אָנגעוואָרן. איצט איז ער ווידער געפֿאָרן מיט אַ שיף קיין איטאַליע. דער שיפֿסקאַפּיטאַן איז געווען אַ מאַראַן און איז געווען זייער גוט צו אים. אָבער די שיף גופֿא איז געווען אַן אַלטע. עס האָט אויסגעבראָכן אַ שטורעמווינט. די שיף האָט געהאַלטן בײַם אונטערגיין. אויף אַ קליינעם שיפֿל האָט דוד הראובֿני מיט זײַן אַלטן שלמה הכּהן זיך געראַטעוועט. זיי זײַנען צוגעקומען צו אַ ברעג.

זיי זײַנען געווען אין פּראָוואַנס, אין פֿראַנקרײַך. דאָרטן האָט מען שוין ניט געקענט אויסניצן די פּאַפּירן פֿון דעם קייסער. דער האַר פֿון פּראָוואַנס האָט ניט געוווּסט, צי דוד הראובֿני דערציילט טאַקע דעם אמת צי ניין. ער האָט פֿאַרטראַכט, אַז ווי די זאַך זאָל ניט זײַן, קען ער אים אויסניצן און קריגן דורך אים אַ סך געלט. האָט ער אַרעסטירט דוד הראובֿני, אים אַרײַנגעוואָרפֿן אין אַ טורמע, ווו עס איז אים געווען זייער שלעכט. און דערבײַ האָט דער האַר פֿון פּראָוואַנס געלאָזט וויסן די יִדישע קהילות אין קאַרפּענטראַץ און אין אַוויניאָן, אַז ער וועט אַרויסלאָזן דוד הראובֿני פֿאַר זייער אַ גרויסער סומע אויסקויפֿגעלט.

די יִדישע קהילות האָבן גלײַך ניט געקענט געבן אַזוי פֿיל געלט. עס האָט געדויערט אַ לאַנגע צײַט, ביז מען האָט דאָס געלט צונויפֿגעקליבן, דערווײַל זײַנען שוין געווען אַזעלכע ייִדן וואָס האָבן גערעדט שלעכטס וועגן דוד הראובֿני, אַז ער ברענגט נאָר אומגליק ווו ער קומט און אַז ער פֿאַרפֿירט נאָר אַלעמען. האָבן זיך אָנגעהויבן איבער דעם קריגערייען. ביז די ייִדן פֿון

---

אויסקויפֿגעלט — ransom.

דיביידע קהילות האָבן מיט גרויס מי און מאַטערניש דאָס געלט צונויפגענומען און אויסגעקויפט דעם שליח פון די יידן.

צוויי יאָר איז דוד הראובני געווען אין תפיסה. אין משך פון דער צייט האָט מען שוין אָנגעהויבן צו פאַרגעסן וועגן דעם כבוד וואָס דער פּויפּסט קלעמענס דער זיבעטער האָט אים אָפּגעגעבן און וועגן דעם פיינעם אויפנעם אין הויף פון דעם קיניג פון פּאָרטוגאַל. ער איז שוין איצט געווען אַ מענטש וואָס האָט ניט געהאַט קיין געלט, ניט געהאַט קיין שיינע קליי־דער, איז מערניט געווען אַזוי מוטיק און אַזוי זיכער, איז מערניט געווען אַזוי גלייביק. האָט ער שוין ניט געקענט אַזוי ווירקן ווי אַמאָל.

האָבן די פירערס פון דער קהילה אין אַוויניאָן אים געבעטן, אַז ער זאָל פאַרלאָזן זייער שטאָט און זייער לאַנד, ווייל זיי ווילן ניט קיין קריגערייען איבער אים. זיי האָבן אַ סך געלט געגעבן אים צו באַפרייען, אָבער זיי ווייסן ניט וואָס ער קען איצט טאָן און וואָס זיי קענען טאָן פאַר אים. זיי האָבן אים נאָר געהאָלפן קומען קיין איטאַליע.

און פאָרנדיק פון איין שטאָט אין דער צווייטער, פון צפון קיין דרום, איז דוד הראובני צום סוף ווידער געקומען קיין רוים. כמעט דריי יאָר צייט האָט געדויערט די נסיעה פון פּאָרטוגאַל ביז רוים!

און די שטאָט רוים איז געווען אַ חרובע און אַ טרויעריקע שטאָט ווען דוד הראובני איז ווידער געקומען אַהין. דעם 6טן מיי 1527 האָבן די זעלנערס פון דעם קייסער צעררויבט די שטאָט. זיי האָבן חרוב געמאַכט אַ סך טייערע זאַכן, זיי האָבן פאַרברענט שיינע געביידעס, אַפילו קירכן האָבן זיי אויסגע־ליידיקט. דער פּויפּסט האָט זיך קוים געראַטעוועט. נאָך דעם איבערפאַל אויף דער „אייביקער שטאָט", האָט זי אַ סך פאַר־לאָרן פון איר פריערדיקן גלאַנץ.

צפון — (לייען: צאָפן), north.

איצט, צום אנהייב 1530, איז די שטאט נאך אלץ ניט גע־
קומען צו זיך. א שרעק איז נאך געהאנגען אין דער לופטן.
און דער פויפסט גופא איז איצט געווען כמעט אן מאכט.

ווען דוד הראובני איז געקומען קיין רוים, איז שוין דארטן
געווען שלמה מולכו.

## זעונגען און נבואות

עס איז געווען א נאסער ווינטערדיקער טאג, ווען שלמה
מולכו האט זיך דערנענטערט צו דער שטאט רוים. עס איז
געווען א דאנערשטיק און ער האט דעם טאג געפאסט.
דאך איז ער א גאנצן טאג געגאנגען. ווען ער האט דערזען די שטאט
האט ער אויסגעבראכן אין א גרוים געוויין. אט זעט ער פאר
זיך די שטאט רוים. אט זעט ער די שולדיקע אין חורבן ירושלים.
אט זעט ער ווער עס האלט זיין פאלק אין גלות!

ער איז מתפלל. אלץ הייסער ווערט זיין תפילה. און די
אויגן זיינען ווי קוואלן וואס שעפן זיך גארניט אוים. פלוצעם
דערהערט ער א שטים: „פאלן וועט רוים, אויפשיינען וועט
דער שטערן פון ישראל, ווייל גאט דערבארעמט זיך אויף זיינע
קנעכט!"

שלמה מולכו בלייבט שטיין אין הייליקן ציטער. שוין ניט
דאס ערשטע מאל ווי ער הערט א שטים וואס קומט אזוי ווי פון
אים אליין. ער הערט אבער די שטים אזוי קלאר!

שלמה מולכו גייט איבער די גאסן פון רוים. זיינע בגדים
זיינען צעריסן פון לאנגן וועג. אבער דאך זעט מען אז זיי זיינען
געווען גוטע קליידער. טרעפט ער אן אלטן בעטלער וואס ליגט
אויסגעצויגן אין דער נעץ. בייט ער זיך די קליידער מיטן
שיכורן בעטלער. איצט איז ער אין גאנצן אין שמאטעס. עס
טראגט פון אים א ריח פון פארפוילטע קליידער. איין רגע

זעונגען — visions.

דערמאַנט ער זיך ווי ער איז געווען אַנגעטאָן, ווען ער איז געווען דער סעקרעטאַר פֿון קיניג פֿון פּאָרטוגאַל. אָבער אַ צו־פֿרידענער שמייכל טרײַבט אַוועק דאָס בילד פֿון זײַן אַמאָליקן לעבן. אים דוכט זיך אויס אַז דאָס איז געווען נאָך איידער ער איז געבאָרן געוואָרן. ער לעבט דאָך נאָר זינט ער איז געוואָרן אַ ייִד!

אַט שטייט ער אַנטקעגן וואַטיקאַן. מע דאַרף נאָר אַריבער־גיין די בריק איבער דעם טײַך טיבער. אויפֿן בריק זעט ער אַ גרופּע בעטלערס, קאַליקעס, אַ קנויל שמוציקע מענטשלעכע קערפּערס. ער האָט דערגרייכט דעם ציל פֿון זײַן נסיעה.

ער זעצט זיך אַוועק אויפֿן בריק, ער איז שוין איינער פֿון די בעטלערס. ער זיצט מיט זיי, עסט מיט זיי, שלאָפֿט מיט זיי טאָג־אײַן טאָג־אויס. אַזוי גייען פֿאַרבײַ דרײַסיק טעג.

עס דוכט זיך אים אָפֿט אַז אַט זעט ער אַ בעטלער וואָס זיצט אין מיטן די איבעריקע. ער איז אַזוי יונג ווי ער. אָבער ער האָט קראַנקע פֿיס. ווונדן האָבן אויסגעשלאָגן אויף זיי. און ער וויקלט פֿונאַנדער די שמאַטעס און באַטראַכט די ווונדן: זײַנען זיי שוין געהיילט? קען ער שוין גיין? אָבער די ווונדן היילן זיך ניט, און דער יונגער בעטלער וויקלט ווידער אײַן די קראַנקע פֿיס זײַנע. איז דאָס משיח?! אָבער די זעונג פֿאַרשווינדט. און דער בעטלער שלמה וויינט און איז מתפּלל. אַלץ הייסער ווערט זײַן תּפֿילה.

נאָך דער תּפֿילה שלאָפֿט ער רויִק אײַן. עס ווײַזט זיך אים אַן אַלטער מאַן. און דער אַלטער זאָגט צו אים:

„מײַן זון, איך בין געקומען אויפֿדעקן פֿאַר דיר וואָס עס וועט געשען מיט די פֿעלקער וואָס דו ביסט צווישן זיי. קום מיט מיר צו די חורבֿות פֿון ירושלים, וואָס איבער זיי האָט שוין דײַן פֿוס געטראָטן ווען דו ביסט געווען אין ארץ־ישׂראל!"

און דער אַלטער נעמט אים אָן פֿאַר דער האַנט און פֿירט אים. אַט זײַנען זיי אין צפֿת און פֿון דאָרטן גייען זיי איבער

בערג און איבער טאָלן פֿון ארץ־ישׂראל. און אַזוי גייען זיי און גייען. אָט זײַנען זיי אויפֿן באַרג ציון. און דער אַלטער זאָגט צו אים:

— „הייב אויף דײַנע אויגן, מײַן זון, און זאָג וואָס דו זעסט!"

און שלמה מולכו ענטפֿערט:

— „איך זע אַ מאַן אין ווײַסע קליידער וואָס האַלט אַ וואָג־שאָל אין האַנט".

און דער אַלטער רעדט ווײַטער:

— „עפֿן אויף די ליפּן און פֿרעג אים: וואָס וועט געשען מיטן פֿאָלק, פֿון וועלכן איך האָב דיך אָקערשט איצט אַרויסגעפֿירט? וואָס וועט געשען מיטן פֿאָלק צווישן וועלכן דו ביסט געבאָרן געוואָרן?"

שלמה מולכו האָט זיך אָבער נאָר געבויגן צו דער ערד פֿאַר דעם מאַן מיטן וואָגשאָל אין האַנט. עס איז אים באַפֿאַלן אַ שרעק און ער האָט ניט געקענט פֿרעגן. האָט דער מאַן מיטן וואָגשאָל געגעבן אַ ספֿר דעם אַלטן וואָס האָט געפֿירט שלמהן און ער האָט געזאָגט:

— „אָט אין דעם ספֿר איז פֿאַרשריבן אַלץ וואָס עס וועט געשען מיט די פֿעלקער וואָס האָבן שלעכטס געטאָן די קינדער פֿון ישׂראל. ווײַז דעם ספֿר דעם בחור וואָס ליגט דאָ פֿאַר מײַנע פֿיס".

און דער מאַן מיטן וואָגשאָל איז פֿאַרשוווּנדן. און דער אַלטער האָט שלמה מולכון אָוועקגעזעצט לעבן זיך און אים גענומען ווײַזן דעם ספֿר. אָבער שלמה מולכו האָט געקענט זען נאָר איין האַלבע זײַט. און דעריבער האָט ער געהאַט גרויס צער. האָט דער אַלטער אים געטרייסט, אים אָנגענומען פֿאַר דער האַנט און ווידער געבראַכט צו דער בריק איבערן טײַך טיבער...

שלמה מולכו האָט זיך אויפֿגעכאַפּט. ער האָט פֿאַרלאָזט די בעטלערס. ער איז געקומען צו אַ הויז ווו עס האָט געלעבט

וואָגשאָל — scales, pair of scales.

זיינער אַ חבֿר, וואָס האָט אין איינעם מיט אים זיך געלערנט אין דער שטאָט צפֿת. דער חבֿר האָט אים געגעבן אַנדערע קליידער. און ווען עס איז געקומען שבת איז שלמה מולכו אַוועק אין אַ שול און גערעדט צו די ייִדן אין רוים.

גערעדט האָט שלמה מולכו אַז דאָס געשריי פֿון ייִדן וואָס שרײַען פֿאַר גאָט איבער זייערע לײַדן איז דערהערט געוואָרן און אַז די ישועה פֿאַרן ייִדישן פֿאָלק איז נאָענט. און גערעדט האָט ער אַזוי שיין, אַזוי פֿײַערלעך, אַזוי גלייביק און אַזוי סודותדיק — אַז די וואָס האָבן אים געהערט האָבן געציטערט. אַרומגענומען פֿון ברעניקע האָפֿענונגען.

שלמה מולכו האָט געפֿאַנגען די הערצער פֿון די ייִדן אין רוים.

און מען האָט שוין געוווּסט ווער ער איז און פֿון וואַנען ער שטאַמט. און מען האָט שוין דערציילט: שלמה מולכו קען די גאַנצע תּורה, דאָס אָפֿענע און דאָס פֿאַרבאָרגענע אין דער תּורה. און מען האָט שוין זיך געוווּנדערט, ווי גיך שלמה מולכו האָט אין עטלעכע יאָר אויסגעלערנט דאָס אַלץ וואָס אַנדערע דאַרפֿן אויף דעם צענדליגער יאָרן. און מע האָט שוין איבערגעגעבן אַז ער קומט פֿון דער שטאָט וואָס איז פֿול מיט סודות, פֿון צפֿת.

נאָך דעם האָט מען שוין געוואָרט אויף זײַן ריידן און מען איז געלאָפֿן אים הערן. מען האָט שוין מיט באַגײַסטערונג איבערדערציילט איטלעך וואָרט זײַנס. און עס זײַנען געקומען געלערנטע און אים געוואָלט אויספּרוּוון מיט שווערע קשיות, אָבער ער האָט אויף אַלץ געהאַט אַן ענטפֿער. עס זײַנען געקומען חכמים און אים געוואָלט אויספּרוּוון מיט רעטענישן, מיט אָנצוהערענישן, אָבער שלמה מולכו פֿאַרשטייט אַלץ, אַלץ!

נאָך דעם דערוויסט מען זיך אַז דער פּויפּסט איז שלמה מולכוס פֿרײַנד. שלמה מולכו קען קומען צום פּויפּסט ווען ער וויל. ער קומט ניט ווען דער פּויפּסט נעמט אויף אין זײַן הויף. זיי זיצן ווי חברים און ריידן. זיי שמועסן שעהן לאַנג אין דעם

פֿאַרבאָרגענע — פֿאַרבאַהאַלטענע, concealed.

קשיות — (לייען: קאַשיעס), מערצאָל פֿון קשיא, פֿראַגעס.

גאָרטן פֿון וואַטיקאַן. וועגן וואָס? ווער וויים? אָבער אַ מאָל דערציילט וועגן דעם שלמה מולכו.

אָט האָט שלמה מולכו איבערגעגעבן אַז ער האָט גערעדט מיטן פּויפּסט וועגן דעם, צו וואָס מע לעבט אויף דער וועלט. דאַרף מען זיך יאָגן נאָך פֿאַרגעניגנס? לוינט צו לעבן כּדי צו האָבן פֿאַרגעניגן? אָדער דאָס לעבן האָט אַ ווערט נאָר ווען מע דאַרף דורכפֿירן עפּעס, דורכפֿירן אַ שליחות? האָט שלמה מולכו דער־ציילט דעם פּויפּסט וועגן זײַן רבין, יוסף טײַטאַצאַק.

זײַן רבי, יוסף טײַטאַצאַק, איז פֿעַרציק יאָר געשלאָפֿן אויף אַ קורצן קאַסטן, עס זאָל אים זײַן האַרט, די פֿיס זאָלן אים אַראָפּ־הענגען, ער זאָל ניט האָבן קיין הנאה פֿון שלאָפֿן;

ווען זײַן רבי פֿלעגט פֿילן אַז אַ געוויסע שפּײַז געפֿעלט אים שטאַרק, פֿלעגט ער אויפֿהערן צו עסן די שפּײַז, ער זאָל זיך ניט צוגעוווינען צו פֿאַרגעניגנס פֿון עסן.

שלמה מולכו האָט אויך גערעדט וועגן יִדישע לײַדן. פֿאַר וואָס קענען יִדן אויסהאַלטן אַזוי פֿיל הונדערטער יאָרן, פֿאַר וואָס זײַנען יִדן גרייט צו גיין אויף קידוש־השם? ווײַל יִדן מוזן בלײַבן לעבן, זיי דאַרפֿן איבערמאַכן די גאַנצע וועלט, דאַרפֿן לערנען די וועלט. ער האָט גערעדט וויפֿל גליק מען האָט פֿון דעם גלויבן, אַז יִדן זײַנען די לערערס פֿון דער גאַנצער וועלט. ער האָט גערעדט וועגן משיחס קומען. און דער אַלטער פּויפּסט שלינגט זײַנע ווערטער...

שלמה מולכו האָט פֿאָרויסגעזאָגט אַז אין רוים וועט זײַן אַ פֿאַרפֿלייצונג — און עס איז געווען אַ פֿאַרפֿלייצונג אין רוים. און ער האָט פֿאָרויסגעזאָגט אַז אין אַ לאַנד אין צפֿון וועט אויך זײַן אַ פֿאַרפֿלייצונג — און עס איז געווען אַ פֿאַרפֿלייצונג אין פֿלאַנדערן. און שלמה מולכו איז געקומען צום אַמבאַסאַדאָר פֿון פּאָרטוגאַל ניעטאָ בראַסאָ און האָט אים איבערגעגעבן אַ בריוו צום קיניג זשואַן דעם דריטן אַז אין גיכן וועט זײַן אַן ערד־ציטערניש אין פּאָרטוגאַל. דער אַמבאַסאַדאָר האָט דעם בריוו איבערגעשיקט. דער קיניג, זאָגט מען, האָט זיך אויסגעלאַכט.

אבער אין גיכן איז אין ליסבאָן געווען אַ שרעקלעכע ערד־ציטערניש! שלמה מולכו האָט געזאָגט אַז פֿײַערדיקע ווונדערצייכנס וועלן זיך באַווײַזן איבער רוים — און אַ קאָמעט האָט זיך באַוויזן אויפֿן הימל!

פֿון וואַנעט ווייס עס אַלץ שלמה מולכו? האָט ער עס אויסגעלייענט פֿון יענעם ספֿר וואָס דער אַלטער האָט אים געוויזן אין חלום? איז ער אַ נבֿיא? איז ער אַן אָנזאָגער אַז משיח וועט באַלד קומען באַפֿרייען דאָס ייִדישע פֿאָלק? איז ער אַליין — משיח?!

ייִדן אין רוים זײַנען פֿרײמער געוואָרן. מע פֿילט, אַז עס קומען אָן ווונדערלעכע צײַטן. ניט אומזיסט איז צעשטערט געוואָרן רוים פֿון די זעלנערס פֿון דעם קייסער! ניט אומזיסט פֿאַלט די מאַכט פֿון פּויפּסט און ניט אומזיסט איז דער פּויפּסט אַליין שלמה מולכוס אַן אָנהענגער!

אַלע ייִדן פֿון רוים לויפֿן אים הערן. מע בלײַבט אַזוי ווי פֿאַרכּישופֿט נאָך זײַן ריידן. אָט שטייט אַ רעדל ייִדן. און איינער מיט ברענענדיקע אויגן זאָגט שטיל:

— „ווער עס האָט ניט געהערט שלמה מולכו ריידן — דער ווייס ניט וואָס עס הייסט חרטה אויף זינד!”

און איינער אין צעריסענע בגדים און מיט אַ פּנים וואָס איז אָפּגעברענט פֿון דער זון און רויט פֿון ווינט זאָגט:

— „ווער עס האָט ניט געהערט שלמה מולכו ריידן — דער ווייס ניט וואָס עס הייסט אַ תּפֿילה פֿון אַ ריינעם האַרץ!”

און אַן אַלטער און אײַנגעבויגענער, אַ בלינדער אויף איין אויג זאָגט:

— „ווער עס האָט ניט געהערט שלמה מולכו ריידן — דער ווייס ניט וואָס עס הייסט ווייטאָג איבערן גלות!”

און אַ יונגער בחור מיט אַן אויסגעדאַרטן פּנים פֿאַרענדיקט:

— „ווער עס האָט ניט געהערט שלמה מולכו ריידן — דער פֿילט ניט די פֿרייד פֿון משיחס קומען!”

חרטה — (לייען: כאַראָטע), regret.

# די אינעווייניקסטע שטים



למה מולכו האָט זיך דערוווּסט אַז דוד הראובֿני איז געקומען קײַן רוים. איז ער געגאַנגען אים זוכן. ער האָט אים לאַנג געזוכט ביז ער האָט אים געפֿונען אין אַן אָרעמען הויז, אָן יענעם גלאַנץ וואָס דוד הראובֿני האָט פֿריִער געהאַט אַרום זיך.

שלמה מולכו איז געגאַנגען אָנגעטאָן ווי די ייִדן אין צפֿת. ער האָט געהאַט אַ טונקל־בלאָנדע באָרד און זײַן פּנים איז גע־וואָרן מאָגערער און בלאַסער פֿון פֿאַסטן און פֿון פּײַניקן דעם גוף. אָבער ער איז געווען יונג און זיכער. זײַנע גרוי־גאָלדיקע אויגן זײַנען נאָך גרעסער געוואָרן און זייער שײַן איז געווען דער זעלביקער מילדער, ליבער פֿרײַנדלעכער, צוציִענדיקער שײַן. ער איז געווען הויך און ברייטפּלייציק, און ניט געקוקט אויף זײַן שטילער באַשיידנקייט האָט ער אויסגעזען ווי אַ האַר, ווי אַ פֿירער.

שלמה מולכו האָט זיך געווענדט צו דוד הראובֿני מיט די ווערטער „מײַן רבי, מײַן פֿירער, די קרוין פֿון מײַן קאָפּ". ער האָט פֿריִער געקושט דעם זוים פֿון דוד הראובֿנים קלייד, איידער ער האָט געלאָזט זיך אַרומנעמען פֿון אים. און ער האָט דער־ציילט:

— „איך האָב געטאָן אַלץ ווי דער רבי האָט מיר געהייסן. איך בין געווען אין אַדריאַנאָפּל, אין סאַלאָניק, אין צפֿת. אין סאַלאָניק האָב איך זיך געלערנט אין דער ישיבֿה פֿון דעם גרויסן יוסף טײַטאַצאַק. אין צפֿת זײַנען מײַנע רביים און מײַנע חבֿרים געווען געלערנטע פֿון דער וווּנדערלעכער שטאָט פֿון קבלה. איך האָב זיך אויסגעלערנט ווי אַזוי צו פּײַניקן דעם גוף און דורך דעם רייניקן די נשמה.

איך בין איצט אין גאַנצן אַ ייִד און איך בין גליקלעך מיט דעם. און איך בין דאַנקבאַר אײַך, וואָס איר מיט אײַער קומען, מיט אײַער ווײַזן זיך פֿאַר מיר האָט איר מיך אַרויסגעפֿירט פֿון

דער פינצטערניש און אומזיניקייט פון לעבן ווי אַ ניט־ייִד צו דעם ליכט, צו דעם טיפן זינען, צו דער ריינקייט און דערהויבנ־קייט פון לעבן ווי אַ ייִד!"

— „פאַר וואָס האָסטו פאַרלאָזט דײַנע רביים און חבֿרים, די קענערס פון קבלה אין מזרח, און געקומען אַהער קיין רוים? און וואָס איז דאָ דײַן שליחות?"

— „איך האָב דערפילט אַז איך דאַרף פאָרן קיין רוים. נאָך די אַלע מיטלען זיך צו ריייניקן, נאָכן פאַסטן, נאָכן פּײַניקן דעם גוף, האָב איך אָנגעהויבן צו הערן אַן אינעווייניקסטע שטים אין מיר גופא, אַזוי ווי עמעצער אַ „מגיד", אַ „דערציילער", וואָלט געזעסן אין מיר און מיר אָנגעוויזן וואָס צו טאָן. וואָס די אינעווייניקסטע שטים הייסט מיר — טו איך גלײַך! זי האָט מיר געזאָגט איך זאָל פאָרן קיין רוים — בין איך געפאָרן קיין רוים. זי האָט מיר געזאָגט: „גיי צום פויפסט" — בין איך אַוועק צום פויפסט..."

— „וועגן וואָס רעדסטו מיטן פויפסט? האָסטו אַ פּלאַן ווי אַזוי צו העלפן ייִדן, ווי אַזוי צו קריגן ארץ־ישׂראל?"

— „איך רייד מיטן פויפסט וועגן אונדזער גלויבן, וועגן אונ־דזער תורה, וועגן די סודות פון דער קבלה. און דער פויפסט וויל וויסן וואָס מער. און ער שטעלט מיר אַ סך פֿראַגעס און איך פאַרענטפער זיי. דער פויפסט איז איצט אַ געדריקטער און אַן מאַכט. דער פויפסט פילט איצט וואָס עס הייסט זײַן אַ געדריק־טער, אָן מאַכט. דער פויפסט וועט, קען זײַן, אָננעמען דעם ייִדישן גלויבן! עס וועלן אָננעמען דעם ייִדישן גלויבן נאָך הויכע קריסטלעכע גײַסטלעכע! איך דערצייל זיי וועגן דעם גליק צו זײַן אַ ייִד, זיך צו פילן ריין און דערהויבן און זײַן פאַרבונדן מיט דער ייִדישער תורה. אָ, זיי הערן מיך!"

— „און וואָס וועט פון דעם אַרויסקומען?"

— „איך ווייס ניט וואָס עס וועט פון דעם אַרויסקומען. דו פרווּוסט מיך ווידער, רבי! צי דאַרף מען גאָר פרעגן: „וואָס

„מגיד — (לייען: מאַגיד).

וועט אַרויסקומען?" איך טו וואָס די שטים פֿון אינעווייניק הייסט מיר טאָן. אַט האָט זי מיר געהייסן, איך זאָל זיך פֿאַרשטעלן ווי אַ בעטלער און זיצן דרײַסיק טעג און דרײַסיק נעכט צווישן די בעטלערס איבער דער בריק פֿון טײַך טיבער. האָב איך עס אַזוי געטאָן. אויב אונדזער משיח קען זיצן צווישן בעטלערס בײַ די טויערן פֿון רוים — פֿאַר וואָס זאָל עס מיר ניט פּאַסן צו טאָן? איך קלער ניט איבער! דער רבי האָט געהייסן פֿאָרן קײַן מזרח — בין איך געפֿאָרן. וועט דער רבי מיר הייסן עפּעס טאָן — וועל איך טאָן!"

— „איך האָב איצט ניט מער קיין שום באַפֿעלן פֿאַר דיר. אַט בין איך ווידער געקומען קײַן רוים. איך בין דאָ געוועזן מיט עטלעכע יאָר צוריק, האָב איך געוווּסט וואָס איך וויל. אָבער וואָס קען מיר איצט העלפֿן דער פּויפּסט? ער אַליין האָט זיך דאָך קוים געראַטעוועט, ווען די זעלנערס פֿון דעם קייסער האָבן צעראַבעוועט די שטאָט. עס איז דאָ איין גרויסער הערשער וואָס וואָלט מיר געקאָנט העלפֿן. דאָס איז דער קייסער..."

— „לאָמיר גיין צו אים! לאָמיר גיין ביידע! איך וועל שוין דעם רבין ניט פֿאַרלאָזן און זאָל דער רבי מיך ניט פֿאַר־שטויסן, און זאָל דער רבי ניט האָבן קיין סודות פֿון מיר!"

— „וואָס פֿאַר אַ סודות? עס איז נאָך געבליבן איין מיג־לעכקייט — דער קייסער! אָבער ווי קען איך איצט קומען צו אים? אָן געלט, אָן אָנהענגערס, אָן דעם גלאַנץ ווי עס פּאַסט זיך פֿאַר אַ שליח פֿון דעם יידישן פֿאָלק!"

— „מיר גייען טאָן אַ מצווה, מיר גייען אין גאָטס נאָמען — וואָס דאַרף מען נאָך?"

— „איך וועל זיך נאָך איבערלייגן" — האָט דוד הראובֿני פֿאַרענדיקט דעם שמועס.

שלמה מולכו האָט אים געזאָגט, ווען ער וועט ווידער קומען צו אים. אָבער אומזיסט האָט דוד הראובֿני געוואַרט אויף שלמה מולכו, ווען ער האָט געדאַרפֿט דאָס צווייטע מאָל קומען זיך זען מיט אים. דוד הראובֿני איז געווען זייער אומרויִק, ווײַל ער האָט

געוווסט אַז עס האָט עפּעס זיך געטראָפן אַזוינס וואָס האָט גע־שטערט דעם געטרייען שלמה מולכו צו קומען צום „רבין".

און באמת — שלמה מולכו איז געווען אין די הענט פון דער אינקוויזיציע!

ער איז געווען צו אָפן, ער האָט גערעדט ניט נאָר מיטן פּויפּסט, נאָר אויך מיט אַ סך אַנדערע גייסטלעכע אין רוים, אַז זיי זאָלן אָננעמען דעם יידישן גלויבן. אַלע האָבן געוווסט ווער ער איז. מען האָט געוווסט אַז ער איז געווען אַ מאַראַן. מען האָט געוווסט וועגן זיין ראָלע אין פּאָרטוגאַלישן הויף. מען האָט געוווסט וועגן זיין גרויסער ווירקונג אויף מענטשן. ווי האָט די אינקוויזיציע אַלץ צוגעזען און געשוויגן?

שלמה מולכו האָט געהאַט אַ שטאַרקן פאַרטיידיקער — דעם פּויפּסט!

נאָר אַ יידישער מסר האָט זיך דערשלאָגן דערצו, מע זאָל אים אַרעסטירן. דאָס איז געווען דער געלערנטער מאַנטינאָ, דער וואָס איז אַרויסגעטראָטן קעגן דוד הראובני אין ווענעציע און נאָך דעם אין רוים. איצט האָט ער געהאַלטן, אַז שלמה מולכו איז נאָך אַ סך געפערלעכער ווי עס איז געווען דוד הראובני. שלמה מולכו רעדט וועגן איבערנאַטירלעכע זאַכן, וועגן משיחס קומען, וועגן סודות, וועגן דער קבלה. ער פאַרפירט דאָס פאָלק. ער פאַרפלאַנצט פאַלשע האָפענונגען וואָס קענען קיין מאָל ניט דורכגעפירט ווערן אין לעבן. ער רעדט אין נאָמען פון גלויבן און האַלט ניט פון שכל. ער איז אַן אומגליק פאַר יידן און פאַר דער וועלט!

האָט מאַנטינאָ גענומען עטלעכע רעדעס פון שלמה מולכו און זיינעם אַ בריוו צו ר׳ יוסף טייטאַצאַק און האָט זיי איבערגע־זעצט אויף לאַטיין. ער האָט די איבערזעצונג אַריינגעשיקט אין דער אינקוויזיציע אַריין. גלייכצייטיק איז ער אַוועק צו דעם פּאָרטוגאַלישן אַמבאַסאַדאָר, ווייל שלמה מולכו איז דאָך געווען אַ פּאָרטוגאַלישער בירגער. מאַנטינאָ איז נאָך געקומען מיט טענות:

---

מסר — (לייען: מאָסער) .denouncer, informer

— „פֿאַר וואָס טרעטסטו ניט אַרויס פֿאַר דײַן האַר, דעם קיניג פֿון פּאָרטוגאַל?״

— „עס איז ניט קיין צו גרויסער כּבוד אַרויסצוטרעטן ווי אַ פֿאַרטרעטער פֿון אייגענעם פֿאָלק!״ — איז געווען דער שנײַדנ־דיקער ענטפֿער פֿון דעם אַמבאַסאַדאָר.

אָבער די פֿירערס פֿון דער אינקוויזיציע האָבן זיך דער־פֿרייט מיט דער מסירה. זיי זײַנען אַוועק מיט די נײַע מאַטע־ריאַלן צום פּויפּסט און זיי האָבן אים געזאָגט: אויב דער פּויפּסט לאָזט ניט אַרעסטירן אַזאַ אַפּיקורס ווי עס איז שלמה מולכו, זאָגן זיי זיך אָפּ צו זײַן די פֿירערס פֿון דער אינקוויזיציע; און אַלע אַנדערע גלחים וועלן זיך אָפּזאָגן דערפֿון. דער פּויפּסט האָט געזען אַז דאָס איז אַן אָפּגערעדטע זאַך צווישן אַ סך זײַנע מענטשן, האָט ער מיט אַ שווערן געמיט דערלאָזט, מע זאָל שלמה מולכו אַרעסטירן.

דער משפּט איז געווען זייער אַ גרינגער. דאָ האָט מען ניט געדאַרפֿט פֿאָרשן, מען האָט ניט געדאַרפֿט אַרויסקריגן, אַז דער באַשולדיקטער זאָל זיך מודה זײַן.

שלמה מולכו האָט קיין זאַך ניט געלייקנט. ער האָט נאָך צוגעגעבן מער פּרטים וועגן זײַנע רייד און בריוו, וועגן זײַן פֿרייד אַז ער איז איצט אַ ייִד, און גערעדט וועגן זײַן גרייטקייט פֿאַרברענט צו ווערן אויף אַ שײַטער פֿאַרן ייִדישן גלויבן. נו, האָבן די „גוטע״ אינקוויזיטאָרן אים צוליב געטאָן. עס איז גע־וואָרן באַשטימט דער טאָג דורכצופֿירן „דעם אַקט פֿון גלויבן״. אַזוי האָט מען גערופֿן דאָס פֿאַרברענען דעם פֿאַרמשפּטן אויפֿן שײַטער.

מען האָט עס געמאַכט ניט מיט קיין גרויסן פּאַראַד. די אינקוויזיטאָרן האָבן ניט געוואָלט אַז צו פֿיל מענטשן זאָלן זײַן דערבײַ. ניט נאָר ייִדן, נאָר אויך אַ סך קריסטן אין רוים האָבן געהאַלטן שלמה מולכו פֿאַר אַ געטלעכן מענטשן. ווער ווייס:

שײַטער — burning pile of wood.

אפשר וועט מען וועלן איבער גוואלד אים ראטעווען? האט מען צונויפגערופן נאר גלחים און דאס ארט צו פארברענען האט מען באשטימט ניט ווייט פון דער תפיסה. אבער ווען מען האט געדארפט אים ארויסנעמען פון קאמער אין דער תפיסה, האט מען געפונען די קאמער אפן! שלמה מולכו איז פארשוואונדן!

ווער האט אים געהאלפן? און אויב אפילו דער פויפסט — ווער פון די אינקוויזיטארן האט עס דורכגעפירט דעם פויפסטס ווילן? דאס אלץ איז געבליבן א סוד, א סוד פאר די אינקוויזיטארן, א סוד אויך פאר אלעמען אין דער וועלט.

דער פירער פון אינקוויזיציע האט זיך אין דער לעצטער רגע געגעבן אן עצה. מען האט געכאפט א טויבשטומען מענטשן, וואס מע וויים ביז איצט ניט ווער דאס איז געווען, און מען האט אים געפירט צום שייטער. דעם אומגליקלעכן האט מען פארברענט און אין די אקטן פון דער רוימישער אינקוויזיציע איז פארשריבן, אז דאס איז געווען שלמה מולכו.

ווען דאס האט פאסירט האט שלמה מולכו געהאט א לאנגן שמועס מיטן פויפסט. יענער האט אים אנגעזאגט אז ער זאל גלייך פארלאזן רוים און זיך קיין מאל דארטן ניט באווייזן.

## דער קייסער פון דער הייליקער רוימישער אימפעריע.

אין וועניציע האבן דוד הראובני און שלמה מולכו זיך ווי־דער געטראפן. און פון דארטן זיינען זיי געפארן צום קייסער קארל דעם פינפטן. דאס איז דער איינציקער שטארקער קריסטלעכער הערשער וואס קאן העלפן אין א מלחמה קעגן די טערקן. דער דייטשישער קייסער האט געהאט דעם טיטל „קייסער פון דער הייליקער רוימישער אימפעריע", ער איז געווען גלייכצייטיק אויך דער קיניג פון שפאניע*). ער האט

*) ער איז געווען א מעכטיקער הערשער. ווי דער קיניג פון שפאניע, האט ער אויך געהערשט איבער דער „נייער וועלט", און מען האט געזאגט אז די זון גייט קיין מאל ניט אונטער אין זיין אימפעריע.

געהאַט די שטאַרקסטע אַרמיי. ער האָט געזיגט איבער די פֿראַנ־צויזן. ער רעכנט זיך ניט מיטן פּויפּסט און ער זאָגט די דעה איבער אַלע קריסטלעכע לענדער!

אמת, מיט אַ שווערן געמיט פֿאָרט אַהין דוד הראובֿני. עס איז ניט ווי אין די אַמאָליקע יאָרן. עס איז אָרעמער, גרויער. „די ווײַסע טויבן זײַנען גרוי געוואָרן" — טראַכט זיך דוד הראובֿני. אָבער ער זאָגט עס ניט צו זײַן פֿרײַנד שלמה מולכו וואָס מיינט אַז ניט נאָר די גרויע טויבן, אַז אויך די שוואַרצע טויבן און די פֿינצטערע ראָבן — אַלע, אַלע קענען ווײַס ווערן, וועלן ווײַס ווערן!

דער קייסער איז אין רעגענסבורג. ער איז אַהין געקומען מיט זייער גרוים פּאַראַד. ער איז געקומען משפּטן די וואָס פֿאַלן אָפּ פֿון דעם קאַטוילישן גלויבן, דעם אפּיקורס מאַרטין לוטער און זײַנע אָנהענגערס. זײַנען געקומען אַלע פֿירשטן פֿון דײַטש־לאַנד, זײַנען געקומען זייער אַ סך גלחים. די גאַנצע שטאָט איז פֿול מיט חשובֿע געסט. אומעטום גלאַנצט מיט טײַערע קליידער, מיט פֿאַרשיידענע פּאָנען, מיט רײַכקייט און פּראַכט.

דער קייסער איז געווען זייער פֿאַרנומען און עס איז שווער אָנצוקומען צו אים. דוד הראובֿני און שלמה מולכו האָבן ניט קיין איין גרויסן הויפֿמאַן וואָס זאָל זיי פֿירן צום קייסער, וואָס זאָל פֿריִער ריידן אַ פּאָר גוטע ווערטער וועגן זיי. דער רײַכער ייִד יאָסלמאַן פֿון ראָסהיים, וואָס ער איז נאָענט צום קייסער און לײַט אים געלט, האָט זיך אָפּגעזאָגט זיי צו פֿירן צום קייסער. ער האָט געזאָגט אַז דער קייסער וועט ניט האָבן קיין צוטרוי צו זיי און אַז אויב ער זאָל העלפֿן אײַננעמען ארץ־ישׂראל, וועט ער אַליין וועלן פֿאַר זיך. יאָסלמאַן פֿון ראָסהיים האָט זיי געזאָגט אַז זיי זאָלן אַוועקפֿאָרן פֿון רעגענסבורג. נאָר זיי האָבן אים ניט געפֿאָלגט.

זיי האָבן זיך דערשלאָגן צום קייסער! פֿריִער האָט גערעדט דוד הראובֿני. ער האָט פֿאָרגעלייגט זײַן אַלטן פּלאַן. זאָל דער קייסער געבן שיפֿן און געניטע מענטשן, און די ייִדן אין מדבר

חבֿור וועלן אײַננעמען ארץ־ישׂראל. דער קייסער האָט אים זייער קאַלט אויסגעהערט. ער האָט בלויז געענטפֿערט, אַז ער דאַרף ניט די הילף פֿון די ייִדן אין מדבר חבֿור, אַז ער האָט גענוג זעלנערס אַליין צו באַזיגן די טערקן און אַז דאָס הייליקע לאַנד דאַרף געהערן די קריסטן און ניט די ייִדן.

האָט נאָך דעם אָנגעהויבן ריידן שלמה מולכו. אין אָנהייב האָט דער קייסער זיך פֿאַראינטערעסירט מיט זײַנע ווערטער און עס איז געווען קאָנטיק אַז דער אופֿן ריידן האָט אויף אים געווירקט. דער קייסער האָט אַפֿילו איבערגעפֿרעגט, פֿון וואַנעט שלמה מולכו ווייס עס אַזוי זיכער אַז דער ייִדישער משיח דאַרף באַלד קומען. עפּעס איז געווען אין שלמה מולכו אַזאַ כּוח אַז ניט ווילנדיק האָט מען געמוזט אים אויסהערן. ער האָט אַזוי שיין גערעדט און מיט אַזוי פֿיל גלויבן!

אָבער פּלוצעם האָט דער קאַרדינאַל וואָס איז געווען בײַ דעם שמועס איבערגעריסן שלמה מולכו און אויסגערופֿן:

— „איך האָב אים דערקאָנט: דאָס איז דאָך דיאָגאָ פּי־רעס! דער פֿאַרשאָלטענער אפּיקורס איז דאָך שוין געווען פֿאַר־משפּט צום טויט פֿון דער הייליקער אינקוויזיציע! ער האָט פֿאַרקויפֿט זײַן נשמה, ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון קריסטלעכן גלויבן און לעסטערט אים שוין עטלעכע יאָר! עס איז אַ זינד זיך צוצוהערן צו זײַנע רייד!"

האָט דער קייסער אָפּגעשטעלט שלמה מולכו און געבעטן דעם קאַרדינאַל, ער זאָל אים גענויער דערציילן וואָס ער ווייס וועגן אים. ווען ער האָט אויסגעהערט, האָט ער געהייסן אַרעס־טירן ביידע ייִדן און זיי איבערגעבן צום משפּט פֿון דער אינ־קוויזיציע.

ביידן האָט מען פֿאַרמשפּט צום טויט. ביידע דאַרפֿן פֿאַר־ברענט ווערן אויפֿן שײַטער. שלמה מולכו האָט פֿאַרראָטן דעם קריסטלעכן גלויבן, קומט דערפֿאַר טויטשטראָף; דוד הראובֿני איז אַלע מאָל געווען אַ ייִד, אָבער אים קומט טויטשטראָף פֿאַרן

לעסטערן — באַליידיקן עפּעס וואָס איז הייליק, to blaspheme.

פאַרפירן דעם קריסט דיִאָגאָ פירעס און צוריידן אים ער זאָל ווערן אַ ייִד.ביידע האָבן זיך ניט פאַרטיידיקט, זיי האָבן קיין זאַך ניט געבעטן ביי די ריכטערס, זיי האָבן זיך געהאַלטן שטאָלץ און רויִק.

דעם „אַקט פון גלויבן” האָט מען אויסגעפירט שוין ניט אין רעגענסבורג. דאָרטן איז מען געווען צו שטאַרק פאַרנומען מיטן באַקעמפן די אָנהענגערס פון מאַרטין לוטער, און עס איז ניט געלעגן אין קאָפּ דורכצופירן אויף אַ פייערלעכן אופן דאָס פאַרברענען. פון רעגענסבורג איז דער קייסער געפאָרן קיין איטאַליע. האָט מען מיטגענומען די ביידע פאַרמשפּטע צום טויט.

אין מאַנטואַ האָט זיך דער קייסער אָפּגעשטעלט אויף אַ לענגערער צייט. דאָ דאַרף ער זיך פאַררוען. דער גראַף פון דער שטאָט איז זייער גאַסטפריינדלעך. ער האָט איינגעאָרדנט פאַר־שיידענע אינטערעסאַנטע טורנירן, אויף דעם גאַר אַלטן שטייגער. דער קייסער אַליין נעמט אויך אָן אָנטייל אין אַ קאַמף צווישן צוויי גרופּעס וואָס פעכטן זיך מיט שווערדן. די צווייטע גרופּע פירט אָן דער גראַף. ער איז אַזוי קלוג און געניט אין פעכטן, דער גראַף, אַז ער מאַכט שוין, די גרופּע פון קייסער זאָל שטענדיק געווינען. איז דער קייסער אין זייער אַ גוטער שטימונג. און דאָס איז אַ זעלטענע זאַך, ווייל קאַרל דער פינפטער איז געוויינלעך זייער בייז און אויפגערעגט.

דער קייסער גייט אויף געיעג. ער האָט נאָך קיין מאָל אַזוי געראָטן ניט געשאָסן, אַזוי פיין ניט געריטן. עס איז אַ וואַרעמער פרילינג און דער רעוומאַטיזם מאַטערט אים אויך ניט. און דערצו איז נאָך געקומען דער גרויסער מאָלער טיציאַנאָ פון פלאָרענץ און ער מאָלט פון קייסער אַ גרויס בילד.

אין אַ ליכטיקן פרימאָרגן האָט דער קייסער געפונען צייט אונטערצושרייבן די פאַראָרדענונג אַז אין מאַנטואַ זאָל מען שוין אויספירן דעם פסק־דין איבער די ביידע ייִדן. ער איז נאָך

פעכטן זיך — to fence.
פסק־דין (לייען: פּסאַקדין), sentence, decision.

דעם געווען זייער ליב צו די מענטשן ארום אים און געהאט א זייער פריינדלעכן שמועס מיטן מאלער. ער האט אפילו צוגע־ווארפן א פאר פריינדלעכע ווערטער צו דעם יידישן מאלער משה קאסטילעץ. אט דער קאסטילעץ איז געווען טיציאנאס א תלמיד און א באגייסטערטער אנהענגער. ווען טיציאנא האט געארבעט מיטן פענדזל, האט זיין געהילף געארבעט מיט דער צונג, זיך ניט שרעקנדיק פארן מעכטיקן קייסער.

משה קאסטילעץ האט גענומען ווייזן זיינע אייגענע ביל־דער. ער האט געוויזן א בילד: א מענטש מיט שווארצע אויגן, מיט א שווארצער בארד, ניט קיין הויכער, א ברייטפלייציקער, אין א פאזע פון א פירשט, פון אן ארמיי־פירער וואס גיט די לעצטע באפעלן פאר א שלאכט. דער קייסער איז געווען אזוי גוט אז ער האט א קוק געטאן אויף דעם בילד.

— „ווער איז ער?" — האט ער געפרעגט.

— „א, דאס איז אן אויסטערלישער מענטש, ער איז דאך אויך געווען מיקלאנדזשעלאס מאדעל פאר זיין משה־געשטאלט" — האט דער בארײדעוודיקער קאסטילעץ גענומען דערציילן — „דאס איז דער יידישער פירשט דוד הראובני וואס איז געקומען פון דעם אראבישן מדבר ווי א פארשטייער פון א פרייער יידישער מלוכה. ווען ער איז געקומען קיין ווענעציע אין יאר... יא, דאס איז געווען מיט אכט יאר צוריק... אין יאר 1524, בין איך געווען דער ערשטער וואס האט אים געהאלפן. איך האב..."

א קנייטש האט זיך צעלייגט איבער דעם קייסערס ברעמען. טיציאנא האט באמערקט אז דער קייסער איז אומגעדולדיק און איז ניט גענייגט אויסצוהערן זיין תלמידס פלאפלעריי. האט ער אים געגעבן א צייכן, ער זאל אויפהערן. משה קאסטילעץ האט איבערגעריסן אין מיטן זאץ און גענומען מישן פארב פארן גרויסן טיציאנא.

# דער גאַנצאָפּפער

אין באַזונדערע שטייגן האָט מען געפירט דוד הראובני און שלמה מולכו. אָבער ווען מען האָט זיי שוין געבראַכט אין מאַנטוא, זיינען זיי ביידע געווען אין איינעם, אין איין קאַמער פון דער תּפיסה. ווען זיי האָבן זיך ווידער דערזען, האָבן זיי זיך הארציק ארומגענומען. דוד הראובני האָט דאָס ערשטע מאָל אַ קוש געגעבן שלמה מולכו. ער איז געווען גאָר פריינדלעך צו אים, ווי ער איז קיין מאָל ניט געווען אויף דער פריי. און שלמה מולכו איז געווען גליקלעך פון דעם.

שלמה מולכו איז בכלל געווען גליקלעך: גאָט נעמט אָן זיין קרבן! ער האָט כמעט זיבן יאָר געוואַרט אויף דער רגע ווען זיין נשמה וועט אויפגיין פאַר גאָט, ווען ער וועט אויפגיין ווי אַ גאַנצאָפּפער וואָס ווערט פאַרברענט אָן שום רעשט, אָן שום איבערבלייב. און איצט קומט אָט די געבענטשטע רגע!

זיי זאָגן ביידע תהילים, זיי זיינען ביידע מתפלל.

דוד הראובני, וואָס איז שטענדיק אַ שווייגעדיקער, האָט געוואָלט דערציילן וועגן זיינע קינדעריאָרן. אָבער שלמה מולכון האָבן ווייַ געטאָן זכרונות. ער האָט געזאָגט אַז ער שעמט זיך מיט די יאָרן, וואָס ער האָט פאַרבראַכט ווי אַ קריסט, מיט די יאָרן אין קיניגלעכן הויף. ער האָט טרויעריק צוגעגעבן אַז צו זיינע קינדעריאָרן האָט ער אַ געפיל פון עקל. ער האָט אָנגעהויבן לעבן זינט ער איז געוואָרן אַ ייִד.

דערווייל האָט מאַנטוא זיך געגרייט צום פאַרברענען. אָ, עס וועט זיין אַ וווּנדערלעכע „פאָרשטעלונג"! דער גאַנצער הויף פון קייסער איז דאָך פאַראַן אין שטאָט מיט אַזוי פיל גרויסע לייט! מען האָט שוין פאַרדונגען פאַר אַ סך געלט אַלע פענצטער אַרום דעם פּלאַץ פון אויטאָ־דאַ־פע. אַפילו די פענצטער אין די הייזער פון די גאַסן, איבער וועלכע מע וועט „זיי" פירן. עס

גאַנצאָפּפער — אַ קרבן וואָס מע פאַרברענט אים אין גאַנצן.
זכרונות — (לייען: זיכרוינעס), memories.

איז אין שטאָט אַ פֿיבערדיקע אויפֿרעגונג ווי פֿאַרן גרויסן קאַרנאַוואַל. מע ווייס אַז די אינקוויזיציע וויל מאַכן אַ שטאַרקן איינדרוק אויפֿן קייסער. וועט זײַן וואָס צו זען!

דוד הראובֿני און שלמה מולכו פֿאַסטן. זיי ווייסן ניט ווען עס וועט זײַן דער טאָג פֿון ברענגען זיך פֿאַר אַ קרבן. זיי ווייסן אַז ער איז נאָענט. פֿאַסטן זיי דערווייל. דאָס קומט זיי זייער גרינג אָן. זיי זײַנען ביידע געוווינט דערצו. מע ברענגט זיי טאָג־איין טאָג־אויס אַרײַן וואָס צו עסן אין זייער קאַמער אַרײַן. זיי רירן זיך ניט צו צו דעם.

און דער טאָג איז געקומען!

מע ברענגט פֿאַר זיי אַרײַן גאָר אויסטערלישע מלבושים: געלע לאַנגע מאַנטלען, הויכע היט וואָס זייערע שפּיצן זײַנען פֿון אויבן אָפּגעברענט.

הײַנט איז דער טאָג!

און אפֿשר נאָך ניט? דער קייסער האָט זיך אין דער לעצ־טער רגע באַטראַכט, אַז מע דאַרף נאָך פֿאָרשן דעם ענין. ווער איז ער, דער דוד הראובֿני? אָט האָט ער געהערט פּלאַפּלען וועגן אים פֿון עפּעס אַ מאַלער. קומט ער טאַקע ווי אַן אַמבאַ־סאַדאָר פֿון אַ פֿרײַער יידישער מלוכה? אפֿשר דאַרף מען דאָ נאָך עפּעס באַטראַכטן?

און דער קייסער רופֿט דעם קאַרדינאַל וואָס איז געווען דער הויפּט־אָנפֿירער מיטן פּאַראַד.

אָפּלייגן? ניין! ווי קען מען עס? דער עולם האָט דאָך שוין איבערגעפּאַקט אַלע גאַסן אַרום דעם אָרט פֿון שײַטער!

נו, גוט, דער קאַרדינאַל גייט אײַן אַז מע זאָל דערווײַל ניט פֿאַרברענען דעם ייִד וואָס רופֿט זיך דוד פֿון שבֿט ראובֿן, אָבער אין גאַנצן צעשטערן דעם „יום־טובֿ” קען מען ניט.

דער קייסער איז ניט באַשטאַנען אויפֿן אָפּלייגן אין גאַנצן. עס איז געווען זייער אַ שיינער טאָג, ער איז געווען אין אַ גוטער שטימונג. קען מען יעמאָלט בײַ אים אויספֿירן!

אין דער לעצטער רגע, ווען דוד הראובֿני איז שוין געווען

אָנגעטאָן אין דעם געלן מאַנטל און אַרומגעגאַרטלט מיט אַ שטריק, האָט מען פון אים אַראָפּגענומען די מאָדנע מלבושים.

מען האָט אַרויסגעפירט פון קאַמער בלויז שלמה מולכו. די פריינד האָבן געוואָלט זיך צעקושן פאַר דער לעצטער צעשיידונג. האָט מען ניט געלאָזט. מען האָט אונטערגעיאָגט: „עס איז שוין שפּעט, אַלע וואַרטן שוין!"

עס האָט זיך אָנגעהויבן די פּראָצעסיע צום שייטער. עס זיינען געגאַנגען גלחים אין זייערע יום־טובֿדיקע קליידער; עס האָבן מאַרשירט אַ סך קינדער, אָנגעטאָן אין ווייסן, וואָס האָבן געזונגען לידער; מען האָט געטראָגן פּילפאַרביקע קירכלעכע פאָנען. ערשט נאָך דעם זיינען געגאַנגען די מיטגלידער פון דעם געריכט פון דער אינקוויזיציע און נאָך זיי די פאַרמשפּטע!

מען האָט געטראָגן אין שוואַרצע אָרונס די ביינער פון אפּיקורסים וואָס זיינען שוין געווען געשטאָרבן. ערשט נאָך זייער טויט האָט מען זיך דערוווּסט אַז זיי זיינען געווען אפּיקורסים. האָט מען זיי אַרויסגעגראָבן פון דער ערד, און די ביינער זייערע וועט מען דאָס איצט פאַרברענען.

נאָך דעם האָט מען געטראָגן עטלעכע ליאַלקעס, געמאַכט פון וואַקס. אַ פּאָר אפּיקורסים זיינען אַנטלאָפן, איידער די אינ־קוויזיציע האָט זיי געקאָנט אַרייַנקריגן אין אירע הענט. האָט מען זיי געמשפּט הינטער די אויגן און אַזוי ווי מע קען ניט דורכפירן דעם פּסק־דין, האָט מען געמאַכט וואַקסענע פיגורן און מע וועט דאָס איצט פאַרברענען די פיגורן אַנשטאָט זיי.

און ערשט נאָך דעם האָט מען געפירט שלמה מולכו. פון ביידע זייטן האָבן אים באַגלייט צוויי אַדלליַיט און צוויי מאָנאַכן. אָ, עס איז אַ גרויסע „מצווה" און אַ גרויסער „כּבֿוד" אַזוי צו באַ־גלייטן צום שייטער דעם זינדיקן!

און דער עולם איז אויפגערעגט. מיט בייזקייט בליצן די אויגן. מע קען זיך ניט דערוואַרטן: ווען וועט מען שוין ברע־נען לעבעדיקע מענטשן?

---

אָרון — (לייען: אָרן), coffin.



„שמע ישׂראל" האָט זיך צום לעצטן מאָל געלאָזט הערן שלמה מולכוס הײליקע שטים

וואָס? ס'איז נאָר איין לעבעדיקער מענטש? אַ שאָד! מען האָט זיך געריכט אויף מער!

דעם פאַרמשפּטן פירט מען מיט אַ פאַרשטאָפּטן מויל. מע דערציילט אַז ער איז אַ וווּנדערלעכער רעדנער. ער קען נאָך אָנהייבן צו ריידן צו דעם גרויסן עולם אַרום און ער קען נאָך עמעצן פאַרפירן. איז זיכערער ווען דאָס מויל איז אים פאַרשטאָפּט.

דער פאַרמשפּטער שטייט שוין פאַרן שײַטער. דער שײַטער ברענט שוין. דער קאַרדינאַל האַלט אַ קורצע רעדע און בענטשט אַלע פרומע קריסטן און בעט גאָט פאַר די זינדיקע נשמות וואָס דאַרפן געריייניקט ווערן דורך פײַער. נאָך דעם הייבט זיך אויף דער קייסער אַליין און גיט אָפּ אַ פײַערלעכע שבֿועה צו פאַרטיידיקן דעם קריסטלעכן גלויבן.

עס קומט באַלד דער גרויסער אַקט.

דער עולם איז געשפּאַנט. אָט וועט מען פאַרברענען אַ לעבעדיקן מענטשן!

אָבער ניין! דער קאַרדינאַל הייסט באַפרײַען דעם פאַרמשפּטנס מויל און ער ווענדט זיך צו אים:

— „האָב חרטה, זײַ זיך מודה אַז דו האָסט געזינדיקט, ווער ווידער אַ קריסט און דו וועסט בלײַבן לעבן. דו ביסט נאָך יונג און דו ביסט דאָך אויסגעוואַקסן ווי אַ קריסט. האָב חרטה!“

— „איך האָב חרטה“ — האָט שלמה מולכו אָנגעהויבן מיט אַ הויכער שטים און דער עולם איז געבליבן פאַרציטערט, ווי אָן אָטעם — „וואָס מײַן יוגנט האָב איך פאַרבראַכט אין אײַער פאַלשער אמונה. טוט מיט מיר וואָס איר ווילט! מײַן נשמה קערט זיך אום צום פאָטערס הויז, וווּ עס וועט איר זײַן בעסער ווי דאָ!“

מען האָט אים אַרײַנגעשטופּט אין פײַער. „שמע ישראל!“ — האָט זיך צום לעצטן מאָל געלאָזט הערן שלמה מולכוס הילכיקע שטים.

***

אמונה — (לייען: עמונע), גלויבן.

אין אַ ספר וואָס איז פֿול מיט ייִדישע צרות און דורכגעזאַפּט מיט טרערן, אין זײַן ספר „עמק הבכא" שרײַבט יוסף הכהן:

„און גאָט האָט צוגענומען זײַן ריינע נשמה צו זיך און זי געהיט ווי מע היט אַ קינד וואָס שפּילט זיך..."

***

דוד הראובֿני איז ניט פֿאַרברענט געוואָרן אין מאַנטוּאַ אין יאָר 1532. אים האָט מען געפֿירט ווײַטער. דער ייִדישער אַמבאַסאַדאָר האָט באַגלייט דעם קייסער פֿון דער הייליקער רוימישער אימפּעריע, ווי דאָס פּאַסט פֿאַר אַן אַמבאַסאַדאָר. אָבער ער איז געווען געשמידט אין קייטן און געזעסן אין אַ שטײַג. ווען דער קיניג איז געווען אין שפּאַניע, האָט ער אין דער שטאָט לערענאַ אים איבערגעלאָזט אין תּפֿיסה.

ער איז געווען אין די הענט פֿון דער אינקוויזיציע. גאַנצע נײַן יאָר איז ער געווען אין תּפֿיסה. ערשט אין 1541 האָט מען זיך דערמאָנט אָן אים. אַ שוסטער אַ מאַראַן איז אין עוואָראַ (אין פּאָרטוגאַל) אָפּן געוואָרן אַ ייִד און גענומען ריידן וועגן משיחס קומען. ער האָט דערבײַ דערמאָנט די נעמען פֿון דוד הראובני און שלמה מולכו. ווען די אינקוויזיציע האָט דעם שוסטער געכאַפּט (לויט דיאָס האָט ער געהייסן) און מען האָט אים געמשפּט, האָט מען זיך דערמאָנט אויך וועגן דוד הראובני. האָט מען אים געבראַכט קײַן עוואָראַ און פֿאַרברענט אין איינעם מיט דעם דיאָסן און מיט נאָך צוויי ייִדן.

דאָס איז געווען אין יאָר 1541, פּונקט מיט פֿיר הונדערט יאָר צוריק.

***

דאָס ייִדישע פֿאָלק האָט ניט געקענט פֿאַרגעסן ניט דעם סודותדיקן אַמבאַסאַדאָר פֿון אַ ווײַטן און פֿרײַען ייִדישן שבֿט וואָס האָט געוואָלט ראַטעווען ייִדן ווי אַ קריגסמאַן, ניט דעם פֿלאַמיקן אָנהענגער פֿון קבלה שלמה מולכו, וואָס האָט זיך צײַטנווײַז געפֿילט ווי אַן אָנזאָגער פֿון משיחס קומען.

דוד הראובֿני איז געווען אין גאַנצן אַנדערש ווי עס זײַנען

ייִדן אין גלות, ער איז געקומען ווי אַ קריגסמאַן און געוואָלט העלפֿן ייִדן דורך דיפּלאָמאַטיע און מלחמה. ער האָט ניט געקאָנט ווערן אַזוי הייליק ווי שלמה מולכו.

דערפֿאַר אָבער האָט מען דערציילט אין פֿאָלק, אַז שלמה מולכו לעבט גאָר, אַז ער האָט ווידער זיך געראַטעוועט פֿון שײַטער אין מאַנטואַ, ווי ער האָט זיך שוין איין מאָל געראַטעוועט אויף אַ וווּנדערלעכן אופֿן אין רוים.

ניט איינער האָט געשוואָרן אין רוים און אין אַנדערע שטעט אַז זיי האָבן מיט זייערע אייגענע אויגן געזען שלמה מולכו שוין לאַנג נאָך דעם ווי מען האָט אים כּלומרשט פֿאַרברענט. אַנדערע האָבן אַפֿילו געהערט אים ריידן און זאָגן אַז משיח וועט גאָר אין גיכן קומען און אויסלייזן דאָס ייִדישע פֿאָלק.

און אויגן האָבן געפֿלאַמט מיט גלויבן און הערצער האָבן געציטערט מיט האָפֿענונג. און דאָס לעבן אין געטאָ, אין שרעק און אין אָרעמקייט, דאָס לעבן אָן רעכט און אָן אַ האָפֿענונג זיך אַליין צו העלפֿן — איז פֿון דעם געוואָרן גרינגער און שענער.

ניין, ניט אומזיסט איז געווען דער גאַנצאַפֿער!

דוד הראובֿני און שלמה מולכו וועלן אויף אייביק בלײַבן העלדן פֿון דעם ייִדישן פֿאָלק!

---

# אַ ווערטערביכל

## א

אָבות (לייען: אָוועס) — ancestors, fathers.

אַדללייט — nobility.

אוטאָ־דאַ־פֿע (זע: „אַקט פֿון גלויבן").

אויסטערלישער — uncommon, extraordinary.

אויסלייזונג — באַפֿרייאונג, redemption.

אויסלייזער — באַפֿרייער, redeemer.

אויסקויפֿגעלט — ransom.

אויסשעפּן — to drain off, to empty.

אויפֿנעם — reception.

אונטערטעניק — submissive, humble.

איבערלייגן זיך — באַטראַכטן זיך, to consider.

אין משך (לייען: מעשעך) — אין פֿאַרלויף, during, in the course of.

אינקוויזיציע — דאָס העכסטע קירכלעכע, קאַטוילישע געריכט צו משפּטן ניט־גלויביקע. די אינקוויזיציע האָט זייער שטאַרק געפּייניקט די באַשולדיקטע כּדי זיי זאָלן זיך מודה זײַן.

אמונה (לייען: עמונע) — גלויבן.
אַנוסים (מערצאָל פון אָנוס) — געצוואונגענע; יידן וואָס זיינען געווען געצוואונגען אָנצונעמען דעם קריסטלעכן גלויבן און אין געהיים זיינען זיי געבליבן יידן; דער יידישער נאָמען פאַר מאַראַנען.
אָנצוהערעניש — hint.
אַפּיקורס (לייען: אַפּיקוירעס, מערצאָל לייען: אַפּיקאָרסים), heretic דער וואָס לייקנט אין אַ גלויבן, פרײַדענקער.
„אַקט פון גלויבן" — אַזוי האָט די קאַטוילישע קירך גערופן דאָס פאַר־ברענען אויפן שייטער אַ פאַרמשפּטן פון דער אינקוויזיציע.
אָרון (לייען: אָרן) — coffin.

## ב

באַגער — שטאַרקער ווילן, desire.
באַגערן — פאַרלאַנגען, ווען, שטאַרק ווען.
בטחון (לייען: ביטאָכן) — גלויבן, האָפענונג, reliance, confidence.
באַריידעוודיק — talkative.
באַשיידנקייט — modesty.
ברכה (לייען: בראָכע) — בענטשונג.

## ג

גאַנצאָפּער — אַ קרבן וואָס מע פאַרברענט אים אין גאַנצן.
גייסטלעכער — clergyman.
גורל (לייען: גוירל) — fate, lot.
גירוש (לייען: גיירעש, מערצאָל לייען: גיירושים) — די פאַרטרייבונג, דאָס פאַרטרייבן יידן פון אַ לאַנד אָדער פון אַ שטאָט.
גלות (לייען: גאָלעס) — דאָס לעבן צעשפּרייט איבער דער וועלט; דאָס ליידן צרות, צוליב דעם וואָס מען איז צעשפּרייט צווישן די פעלקער; diaspora, exile, persecutions.
גלח (לייען: גאַלעך, מערצאָל לייען: גאַלאָכים) — אַ קריסטלעכער גייסטלעכער, ספּעציעל אַ קאַטוילישער גייסטלעכער.
געוועלטיקן — הערשן, to rule.
געזעגענען זיך, to bid farewell.
געיעג, chase, hunting.

## ד

דורכגעזאַפּט, soaked through, absorbed, penetrated.
דיפּלאָמאַטיע, diplomacy.
דעה (לייען: דייע) — מאַכט, מיינונג, ווירקונג.
דרום (לייען: דאָרעם), south.

## ה

האָלט האָבן — ליב האָבן, to like, to love.
הויף, court.
הוצאות (לייען: הויצאָעס), expenses.
הראובני (לייען: האַרואווייני) — דער וואָס איז פון שבט ראובן.
התלהבות (לייען: היסלייווּעס, אויך היסלאַוועס) — גרויס באַגייסטע־רונג.

ו

וואגשאל, scales, pair of scales.

ווידוי (לייען: ווידע) — דאס געבעט פארן טויט, confession.

ז

זכרונות (לייען: זיכרוינעס), memories.

זעאונג, vision.

זעלנער — סאלדאט, soldier.

ח

חבור (לייען: כאווער) — א מדבר אין מיטן אראביע.

חורבות (לייען כורוועס), ruins.

חורבן (לייען: כורבן), destruction.

חסד טאן (לייען: כעסעד) — טאן גוטס, ארויסווייזן גענאד, to favor.

חרטה (לייען: כאראטע), regret.

חשד (לייען: כשאד), suspicion.

ט

טאלמעטשער, interpreter.

י

יורש (לייען: יורעש, מערצאל לייען: יארשים), heir.

ישועה (לייען: יעשוע) — הילף, דאס ראטעווען, salvation.

ישי (לייען: יישײַ) — דעם קיניג דודס פאטער.

כ

כל־טוב (לייען: קאלטואוו) — אל דאס גוטס, כלערליי גוטע זאכן.

ל

לעסטערן — באליידיקן א הייליקייט, to blaspheme.

מ

מאלער, painter, artist.

מאנאך, monk.

מאראנען — יידן וואס האבן איבער געוואלד אדער אויס מורא אנגע־
נומען דעם קריסטלעכן גלויבן און זיינען אין געהיים פארבליבן
יידן; מאראנען איז דער נאמען פאר זיי ביי קריסטן, עס באטייט:
פארשאלטענע, פארשטויסענע; זען אנוסים.

מודה זיין זיך (לייען: מוידע), to confess.

מוילאייזל, mule.

מולכו (לייען: מאלכא, אויך מאלכע).

מוסרים (לייען: מאסרים) מערצאל פון מסר — informers, denouncers.

מזרח (לייען: מיזרעך), east.

מילד, mild.

מלבוש (לייען: מאלבעש, מערצאל לייען: מאלבושים), קלייד,
בגד, garment.

מסירה, denouncement.

מסר (לייען: מאסער, מע קען עס שרייבן אויך מוסר; זען
מוסרים), denouncer, informer.

מסרן (לייען: מאסערן), to inform against, to betray, to denounce.

מעכטיק mighty, powerful.

מערב (לייען: מייראעוו), west.

מעת־לעת (לייען: מעסלעס) — טאָג און נאַכט אין איינעם, 24 שעה.
מצווה (לייען: מיצווע, מע שרייבט עס אויך מצוה) געבאָט, commandment.
מקבל פנים זיין (לייען: מעקאַבל פּאָנעם) — פריינדלעך אויפנעמען, פייערלעך באַגעגענען, גיין אַנטקעגן אַן אָנקומענדיקן גאַסט, to welcome.
משיח (לייען: מאָשיאַך), Messiah.
מתפלל זיין (לייען: מיספּאַלעל) — דאַוונען, בעטן גאָט.

## נ

נבואה (לייען: נוואָוע), prophecy.
נסיעה (לייען: נעסיע), journey, voyage.
נעץ — wetness, dampness.

## ס

סביבה (לייען: סוויווע), environment.
סודותדיק (לייען: סוידעסדיק) — פול מיט סודות, mysterious.
סוף־כל־סוף (לייען: סאָפקאָלסאָף), in the end, finally.
ספקות (לייען: ספּייקעס, איינצאָל איז ספק — סאָפעק), doubts.

## ע

עמק הבכא (לייען: איימעק האַבאָכע) — טאָל פון קלאָג, טאָל פון וויינען.
ערד־ציטערניש — earthquake.

## פּ

פּאַרמעט, parchment.
פּליט (לייען: פּאָליט, מערצאָל לייען: פּליייטים), refugee.
פּסק־דין (לייען: פּסאַקדין), sentence, decision.
פּעסט, pest, plague.
פּרטים (לייען: פּראָטים, מערצאָל פון פּרט — פּראַט), details.

## פֿ

פֿאַרבאַרגן — פֿאַרבאַהאַלטן, concealed.
פֿאַרכישופֿט, bewiched.
פֿאַרפֿלייצונג, flood.
פֿאַרראַטן, to betray.
פֿיבערדיק, feverish.
פֿירשט — פֿירער, duke.
פֿלאַמיק, flaming.
פֿעכטן זיך, to fence.

## צ

צער (לייען: צאַאַר, אויך צאַר) — האַרצווייטאָג.
צפֿון (לייען: צאָפֿן), north.
צפֿת (לייען: צפֿאַס) — אַ שטאָט אין ארץ־ישראל וואָס איז געווען באַרימט ווי אַ צענטער פון קבלה.

## ק

קאַליקע, cripple.
קבלה (לייען: קאַבאָלע) — די יידישע מיסטיק; די לערע וועגן די סודות פון דער וועלט און פון דער תורה. די אָנהענגערס פון קבלה האָבן געזוכט מיטלען ווי אַזוי אָראָפּצוברענגען משיחן.

קהילה (לייען: קהילע), Jewish community, congregation.
קופערט, trunk, coffer.
קידוש־השם (לייען: קידעש־האַשעם) — דאָס הייליקן גאָטס נאָמען; דאָס ברענגען זיך פאַר אַ קרבן פאַרן גלויבן, martyrdom.
קייסער — אומעטום וואו עס ווערט דערמאָנט דאָס וואָרט רעדט זיך דאָ וועגן קאַרל דעם פינפטן, דעם קייסער פון דער „הייליקער רוי־מישער אימפעריע". דער קאַרל איז געווען דער קייסער איבער דייטשלאַנד און אויך דער קיניג איבער שפּאַניע.
קנויל, knot.
קרבן (לייען: קאָרבן, מערצאָל — קרבנות, לייען: קאָרבאָנעס),
קשיא (לייען: קאַשיע, מערצאָל — קשיות) — פראַגע, שווערע פראַגע.

## ר

ראָב, raven.
רודפן (לייען: רוידעפן), to persecute.
ריח (לייען: רייאַך), smell, odor, scent.
רעזידענץ, capital.

## ש

שבועה (לייען: שוואוע), oath.
שבט (לייען: שייוועט, מערצאָל לייען: שוואָטים), tribe.
שבט ראובן (לייען: שייוועט רואוון) — דער שבט וואָס שטאַמט אָפּ פון ראובנען, יעקבס עלטסטן זון; דער שבט ראובן איז איינער פון די צען שבטים וואָס מע ווייסט ניט וואו זיי זיינען אַהינגעקומען נאָך דעם ווי עס איז חרוב געוואָרן מלכות ישראל.
שוועבן, to hover, to soar.
שייטער, burning pile of wood. אויפן שייטער האָט מען פאַרברענט די וואָס די אינקוויזיציע האָט זיי פאַרשמפּט צום טויט.
שלאָקסרעגן — זייער אַ שטאַרקער רעגן.
שלוחים (לייען: שלוכים, מערצאָל פון שליח),
שליח (לייען: שאַליאַך), messenger.
שליחות (לייען: שליכעס), mission.
שם (לייען: שעם) — נאָמען, fame.
שפּאַרן זיך, to dispute, to contradict.

## ת

תהילים (לייען: טהילים, אויך טילים), psalms, The Book of Psalms.
תיבה (לייען: טייווע), Noah's ark.
תפיסה (לייען: טפיסע), prison, jail
תענית (לייען: טאָנעס, מערצאָל — תעניתים לייען: טאַנייסים) —
תענית (לייען: טאָנעס, מערצאָל תעניתים, לייען טאַנייסים), fast-day.
תפילה (לייען: טפילע), prayer.
תשובה (לייען: טשואווע), repentance.
תשובה טאָן (לייען: טשואווע), to repent.